„קליינע ביבליאטעק"

ישעיהו שפיגל

# מלכות געטאָ

(נאָוועלן)

פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן"

לאָדזש  1947

ישעיהו שפיגל איז איינער פון די געציילטע יידי־
שע דיכטער, וואָס האָט על פי נס איבערגעלעבט דאָס
גיהנום פון געטאָ און אַשוויענטשים.

די נאָוועלן, וועלכע גייען אַריין אין דעם ביכל,
זיינען געשריבן אין לאָדזשער געטאָ אין די טרויע־
ריקע יאָרן 1940 — 1944.

אויגוסט 1944, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ,
האָט דער שרייבער זיי, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע
ליטעראַרישע אַרבעטן, פאַרגראָבן אין אַ קעלער.

.. זומער 1945, ווען דער מחבר האָט זיך אומגעקערט
פון אַשוויענטשים און פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן,
האָט ער זיינע שריפטן אויפגעגראָבן און טייל פון זיי
געפונען אין אַ צושטאַנד, וואָס גיט אונז די מעגלעכ־
קייט זיי אַרויסצוגעבן.

דאָס איז דאָס ערשטע פּראָזע־בוך, וואָס דערשיינט
אין באַנייטן פוילן.

דורך די דאָזיקע נאָוועלן וועט דער לייענער דער־
זען דעם טראַגישן לעבנס־וועג פון די יידן אין געטאָ,
געשילדערט דורך אַ שרייבער, וואָס איז אויף דעם
דאָזיקן גרויל־וועג געגאַנגען צוזאַמען מיט זיי. ..

געהייליקט דעם אָנדענק פון
מיינע עלטערן, די קדושים:
שרה־גיטל און משה.

# ע ר ד

גראָד נאָך האלבער נאַכט האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אויפֿן שאָסיי צווישן אשיגי און טאָפּאָלוווקע אומהיימלעכע קלעפּ. דער שאָסיי איז דאָ אַ ברייטער, אויף ביידע זייטן ציען זיך די פּעטע פּוילישע פּעלדער, און די וואַרטע פליסט דאָ שטיל און לבנהדיק ווי אַ זילבערנער שלייף. דאָס אומהיימלעכע קלאַפּן פון אייזערנע רעדער, ס'טרוקענע גערויש פון פּויערישע וועגענער און דאָס געקרעכץ פון לויזע היי־וועגענער האָבן געצויגן פון די פאַרוואָרפנסטע דערפלעך צום גרויסן טראַקט, וואָס האָט געפירט צו דער שטאָט.

ס'איז געווען פינצטער אין דאָרף. א פרי־הארבסטיקע פייכטקייט איז אויפגעגאנגען פון די נידעריקע גרעזער און קשאקעס. פּלוצעם האָט דער הימל אָנגעהויבן ברענען ביי די מערב־ראַנדן מיט פאַרצויגענע פאַסן פייער. אין די דערפער ארום דער וואַרטע האָבן זיך די פּויערים אין בהלהשער שרעק אויפגעכאַפּט אינמיטן נאַכט, פאַרפאַקט די בעבעכעס, אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע ווייבער מיט די קינדער און זיי געזעצט אויף די געשפּאַנטע וועגענער. זיי האָבן אַרויסגעפירט די קי פון די וואַרעמע שטאַלן און זיי צוגעבונדן צו די אָנגעלאָדנטע וועגענער מיט שטריק און קייטן. די קי האָבן אין דער פינצטערניש מיט אַן אומהיימלעכער בענקעניש געבריוועט, זיך געלאָזט צובינדן מיט טרויעריקע, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. — — —

פון אלע דערפער ארום זיינען געגאַנגען די אָנגעלאָדנטע פּויערישע וועגענער. די טירן פון די כאַטעס זיינען געבליבן שטיין

אָפּענע. אין דער נאַכט־שטילקייט האָבן די איבערגעוועקטע עופות צעשראָקענע געפּאַטשט מיט די פליגל. די טויבן אין די שטייגן, אויסגעמישט מיט די הינער און גענדז, האָבן געצויגן זייער סאַמע־טענעם בענקנדיקן וואָרקען. פון אונטער די וועגענער האָט זיך גע־טראָגן אַ קאַלט געוואָי פון פויערישע הינט, וואָס האָט זיך אַריבער־געטראָגן אין די אַנדערע דערפלעך, ווי דאָס געוויין פון מענטשן.

די אַלע אָנגעלאָדענע וועגענער האָבן געצויגן אין דער פינצטערניש צום גרויסן טראַקט. פון די ווייטערע דערפער נעבן טער צום פּראָנט האָבן שוין זייט נעכטן געצויגן מחנות פויערישע פורן. פאַסטוכער האָבן געפירט קי, גענדז און פערד. די פערד האָבן געזוכט מיט זייערע פייכטע אומרויקע נאָזדרעס אין שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון אונטער זייערע פיס. הינטער די וועגענער זיינען געגאַנגען מחנות פוסגייער, טייל מיט אָנגעהאָנגענע האַרמאָניקעס איבער די פּלייצעס און טייל האָבן געפירט זייערע הינט אויף דינע קייטעלעך. איבער די ציענדיקע מחנות האָט זיך דערווייל דער הימל נידריקער אַראָפּגעלאָזט מיט זיינע רויטלעכע וואָלקנס און באַלויכטן דעם וועג. ס'האָט אויסגעזען, ווי ס'וואָלט זיך פאַר די גייענדיקע אויסגעשפּרייט אַ רויטער, ברענענדיקער שליאַך און זיי אייביקווייז איינגעשלונגען.

אַז די ערשטע מחנה לויפנדיקע פויערן מיט זייערע וועגענער איז אָנגעקומען הינטערן וואַלד, וואָס טיילט דעם טראַקט אויף צוויי העלפטן, דאָרט ווו ס'גייט דער וועג קיין דאַלנע יאַרי — האָט דאָ־בע גראָד אין דער דאָזיקער מינוט דערלאַנגט עסן אירע צוויי הינט פאַרן שלאָפן־גיין. ס'איז שוין געווען אַזאַ פירעכץ ביי איר זינט די קינדער־יאָרן. דער מאַן, יאָסי־בער, איז שוין געלעגן און געכראָ־פּעט אונטער דעם הויכן בעטגעוואַנט נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט אויפן פעלד און אין שטאַל. די פענצטער זיינען געשטאַנען האַלב־אָפענע. אין שטוב איז אַריינגעשוומען אַ פייכטלעכע אלול־לופט, וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון וואַלד־צווייגן, וואָס מען לייגט־אָפּ אויף ווינטער. די צוויי הינט האָבן אין דער פינצטערניש אַרויסגע־שטעקט זייערע שפּיציקע קעפּ און זיך געוויקלט ביי דאָבעס באַר־

וועסע פיס. פלוצים האָבן בײדע הינט זיך אַ ריס געטאָן און אויפגעהויבן א ווילד געביל. דאבע האָט נאָך גאַרנישט געהערט, אָבער די בײדע הינט האָבן שוין פאַרנומען דאָס קלאַפּן פון די ערשטע פויערישע וועגענער, וואָס זײנען אַרײַן אין דאָרף דאַלנע יאַרי.

דאבע איז אַרויסגעלאָפן פון הײפל און זיך געשטעלט אינמיטן וועג. איר בארוועסע פיס זײנען געווען נאַס פונעם גראָז און פון די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער.

ביסלעכווײַז האָט זיך דאָס גערויש דערנענטערט. מ'האָט שוין געקאָנט פאַרנעמען דאָס קרעכצן פון די וועגענער און אַפילו מענטשלעכע קולות. דאָס דאָרף דאַלנע יאַרי איז נאָך געשלאָפן. די ערשטע פויערישע וועגענער זײנען אַרײַנגעפאָרן, און די גײענדיקע מחנה האָט אומעטום געקלאַפּט אין די פענצטער פון די נידריקע, שלאָפנדיקע כאַטעס. אין דער פרי־האַרבסטיקער פינצטערניש איז געגאַנגען פון פענצטער צו פענצטער, פון טיר צו טיר דאָס געפליסטער:

— אי־דאָן אי־דאָן! אי־דאָן!... ניעמצי אי־דאָן!

דאָס דאָזיקע בײזע געפליסטער האָט זיך געטראָגן, ווי דער געקלאַנג פון אַ שווערן גלאָק און אויפגעוועקט די מענטשן.

דאָבע איז געשטאַנען אַ פאַרגאָסענע מיט קאַלטע אַנגסטן. דערזעענדיק אַ שאָטן, האָבן די ערשטע פויערן איר אָנגעזאָגט די בשורה. דאָבע, די ברײטע פויערישע ײדענע, איז געבליבן שטײן מיט אַ פאַרחלשט האַרץ. מ'האָט געוווסט, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, אָבער ווי אַזוי בעמען זיך אַזוי גיך דאָ דײטשן? דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרײט. זי איז נאָכגעלאָפן אין דער פינצטערניש אַ וואָגן.

— א דאָקאָנד־טאָ אידזיעטאַ דאָקאָנד־טאָ? — האָט זי אין אימה געוואָלט אַרויסרײסן עפּעס א טרײסט פון די שווארצע אָנגעלאָדענע וועגענער און נאָכגעלאָפן די מחנה.

— דאָ וואַרשאַווי! דאָ וואַרשאַווי!... האָבן איר אָפּגעענטפערט צעשראָקענע קולות פון פויערן, וואָס האָבן אונטערגעיאָגט זײערע דערשראָקענע מידע קי.

דאָבע איז געשטאַנען אינמיטן וועג. די מחנה האָט געצויגן אין דער נאַכט אריין, ווי א ריזיקע שווארצע שלאנג. דער הימל האָט זיך געררויטלט פון ווייטע שרפות נאָך אויף יענער זייט ווארטע. די קי האָבן געצויגן זייער לאנגען „מו־ו־ו־ו", וואָס האָט זיך לסוף איינגעבראָכן אין אַ שלוכץ. דער לעצטער וואָגן איז אַרויס פון דאלנע יארי און געצויגן צום ווארשעווער טראַקט.

דאָבע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינגאַנצן אַ באַנומענע. די צוויי הינט לעבן די פיס האָבן געוואַרעמט מיט זייער פעל אירע קנעכל. זי האָט געקוקט אין דער פינצטערניש פון דאָרף. פייערלעך האָבן זיך געצונדן אין די פענצטער. אן אומהיימלעך גערויש פון בהלה האָט זיך געטראָגן אין דער לופט, ווי אַ טשאַטע בייזע פייגל.

באַלד איז געלאָפן פון אלע הייזלעך אין דאלנע יארי אַ גע־פילדער פון שאָטנס, אַ קלאַפעריי פון טירן און פענצטער, אַ סקריי־פעריי פון רעדער און וועגענער, וואָס די איבערגעוועקטע פויערן האָבן אַרויסגעפירט פון די שטאַלן. באַלד איז געלעגן פאַר די טירן דאָס האָב און גוטס מיט די שלאָפנדיקע קינדער. צוגעבונדענע קי זיינען געוועזן גרייט צו גיין אין וועג אריין.

דאבע האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אַ ריוו, די הינט לעבן איר האָבן געלייגט זייערע קעפּ אין איר שויס און געשוויגן.

— אנטלויפן? אנטלויפן דאָ ווארשאַווי? — האָט אין איר קאָפּ געעגבערט אַ שטריך פון אַ מחשבה — וווהין? צו וועמען? וווהין אַנטלויפן?

דער ייד יאָסי בער איז דאָ געזעסן אין דאָרף שוין פון דורות. נאָכן טאַטנס טויט, וואָס האָט געהאַט גענומען אין פּאכט אַ שטיקל פעלד און אַ ביסל פויעריש באַלעבאַטישקייט, איז געבליבן יאָסי בערן אַ ברייטער פויערישער שטאַל מיט איין פערד, אַ געפלעקטע קו, צוויי ציגן, אַ פּאָר עופות און די צוויי הינט. דורך די לאַנגע יארן דאָרפישער ארבעט האָט דער ייד ליב געקריגן די האַלב־פייכטע ערד, וואָס איז געלעגן נעבן דער ווארטע, דאָס שטומע רעווען פון די הויז־חיות און עופות, דעם אויפגאַנג און אונטערגאַנג פון דער זון איבער די דארע טאָפּאָליעס פון דאלנע יארי. ווי דער טאַטע און

די גאַנצע משפּחה, האָט אויך יאָסי בער געלאָזט שווימען אין די קילע וואַסערן פון דער וואַרטע די טעג פון זיין לעבן, אַ לעבן אַ שטילס, אַן אָפּגעצוימטס, פרעמד פון יידן, צווישן ריח פון דאָרפישע ווענט און פּויערישער פּראַצע. נישט איינמאָל איז אין אים אויפגע־גאַנגען דאָס בענקעניש נאָך א ייד. און דעמלט האָט ער זיך אריבער־געכאַפּט אין נאָענטן שטעטעלע, סרוב פאַר אַ יום־טוב, אָדער אין אַ יאָרצייט, כדי אָפּצוזאָגן אַ קדיש ביי אַ מנין יידן. ער פלעגט צו־ריקקומען אַ רויקער און ווידער איבערגעבן זיך דער אַרבעט אין שטאַל און אויפן פּיצל פעלד. די פּוילישע פּויערים האָבן מתחילת געחוזקט, אָבער שפּעטער איז דער ייד אריינגעוואַקסן אין זייער לעבן, געערט שבת און זונטיק, געווען אויף פּויערישע חתונות און לויות, וואָס זיינען אדורכגעגאַנגען אין די יאָרן אין דאָלנע יאַרי לעבן די פליסנדיקע וואַסערן פון דער וואַרטע.

דער ייד יאָסי בער און זיין ווייב דאָבע האָבן קיין קינדער נישט געהאַט, זיינען זיי אויפגעשטאַנען יעדן באַגינען, ווי נאָר די זון האָט געשפּאָלטן מיט אירע גילדענע פּראַנדזן דאָס קילע וואַסער פון דער וואַרטע. זיי האָבן געקליבן די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון די ביימער, ארויסגעפירט די קי אויפן פעלד, ארויסגעלאָזט די הינער און דערנאָך אוועקגעזעצט זיך ביי דער שוועל פון דער אָפּע־נער שטוב, קוקנדיק אַראָפּ צום משופּעדיקן וועג, וואָס פאַרקירעוועט זיך אין אַ זייט צו די פליסנדיקע וואַסערן.

און וויפל מאָל דער ייד יאָסי בער מיט זיין ווייב דאָבע האָבן געטראַכט וועגן פאַרלאָזן ס'דאָרף, קומען צווישן מענטשן אין שטאָט, צווישן יידן, כדי נישט פאַרגעסט צו ווערן דאָ אויפן דאָרף מיט די פּויערן — אַזוי פיל מאָל איז יאָסי בערן ארויפגעשווומען אויפן זכרון דער טאַטע גאדל מיט דער גראָבער, פליישיקער נאָז, מיט די געדיכטע באַברעמטע אויגן, און אין זיין וואַטענעם שפּענ־צער, וואָס ער פלעגט טראָגן א גאַנץ יאָר. ער פלעגט זיך אריבער־בויגן איבער אים, דער טאַטע, און מיט אַ קול פון אַ פאַרלוירן קינד פליסטערן צו אים: יאָסי בער, ווו וועסטו זיך לאָזן אין דער וועלט? ווו וועסטו גייך? דער טאַטע האָט דאָ געלעבט און דער

זידע האָט דאָ געלעבט, געוועזן יידן ווי אלע יידן... קיין קדיש איז ביי דיר נישטאָ, טאָ זיץ אויף דער ערד, האָב ליב די ערד, און די ערד וועט דיך ליב האָבן...

און דאָס פאַרפאַלק האָט שוין דעמלט מער נישט געטראכט וועגן פאָרן אין שטאָט אַריין. און יאָסי-בער איז געזעסן אין די קילע פרימאָרגנס ביים ברעג פון דער וואַרטע און געכאַפּט פיש פאַר יידן אויף שבת, געפאָרן צוויי מאָל אין שטעטל אַריין מיט צוויי קענדלעך מילך, מיט אַ ביסל פּוטער און אייער. יאָסי-בער האָט ליב געקריגן די פייכטלעכע ערד, דאָס קילע, גראָע וואַסער, דאָס געראַויש פון די בלעטער אויף די דאַרע טאָפּאָליעס אין דאַלבע יאַרי, און די ערד, און דאָס וואַסער, און די טאָפּאָליעס האָבן אים אויך ליב באַקומען.

* * *

דאָבע מיט די צוויי הינט זיצן נאָך אַלץ אינם ריוו. די פינצ-טערניש אַרום איר איז געוואָרן געדיכטער, בלויז דער הימל אין מערב-ראַנד האָט זיך געצונדן רויטער און רויטער. פאַר איר זייַנען דערווייל אָן אויפהער אַדורך די פויערן פון דאָלבע-יאַרי מיט די געפּאַקטע וועגעלעך. דאָס דערפל איז געוואָרן ליידיק. בלויז אי-בערגעלאָזטע חזירים כריוקען אונטער פּלויטן אין דער פינצ-טערניש.

אַז דאָבע קומט צוריק, שטייט שוין יאָסי בער אינמיטן שטוב. דאָס נאָפט-לעמפּל רויכערט זיך אויפן שענקל. ער ווייסט שוין, יאָסי בער, פון אַלץ. ער האָט געזען די ציטערדיקע מחנות פאַרן פענצטער. ער האָט געזען, ווי די פוילישע זין האָבן איבערגעלאָזט די אַלטע היימען און זיך געלאָזט טיפער אין לאַנד אַריין. יאָסי בער שטייט אַ פאַרלוירענער, און אויף זיין טונקל-רויטלעכער באָרד וויגט זיך דער אָפּשיין פון דעם נאָפט-לעמפּל. ער שטייט באָרוועס, יאָסי בער, אָן אַ היטל. די ברייטע נאָז איז וויים. פאַרן פענצטערל רוישן די טאָפּאָליעס. דאָבעס הייבן אָן ציטערן די הענט.

— יאָסי בער, — רופט זי זיך אָן און הייבט נישט אויף די

אויגן פון דער פּאַדלאַגע — דאָס דאַרף איז שוין לײדיק!... קײן לעבעדיקער נפש ... אײנאײנציקער ייד... לאָמיר ראַטעווען ס'לעבן!.
יאָסי בער הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט דאַבען אין פּנים אַרײַן. ער שווײַגט. ער לאָזט נאָר אַראָפּ זײַנע הענט איבער בײדע הינט, גלעטענדיק זײ איבער די פּיסקעס.
— גאָט איז מיט דיר, יאָסי בער, — צעשרײַט זיך שוין איצט די יידענע — וואָס ענטפערסטו נישט קײן וואָרט? געוואַלד! דער דײַטש וועט דאָך אונז, חלילה, בײדע אומברענגען... לײגסט דיר אַלײן דעם חלף אויפן האַלדז... יאָסי קרויך!... יאָסי דערבאַרעם זיך!...
יאָסי בער גלעט ווײַטער די הינט, וואָס וויקלען זיך בײַ זײַנע פּיס. אײנער פון די הינט איז הויך און גרײכט אים ביז צו דער קני, דער צווײטער — אַ נידעריקער, אַן אָנגעגאָסענער וויקלט זיך אים בײַ די פּיאַטעס, לעקנדיק די פינגער. ס'איז שטיל. און אין דער שטילקײט הערט מען ווי ס'רוישן די טאָפּאָליעס.
דאַבע פאַרגײט זיך ווידער אין געוואַלדן:
— יאָסי בער, האָב גאָט אין האַרצן, דערבאַרעם זיך, ס'גאַנצע דאָרף איז אַוועק ... געוואַלד, ראַטעווע ס'לעבן!...
יאָסי בער האָט אָפּגעריסן די הענט פון בײדע הינט, וואָס האָבן זיך פלוצים צעבילט אויף דאַבען.
— כ'וועל נישט אַנטלויפן, דאַבע... — האָבן זײַנע ליפּן קוים אַרויסגעשטאַמלט פון דער קאַלטענעוואַטער באָרד — כ'וועל נישט אַנטלויפן... כ'וועל נישט אַנטלויפן...
— רבונו של עולם!... יאָסי בער וואָס טוט זיך מיט דיר? דער דײַטש וועט דאָך אונז אומברענגען... ביסט אַראָפּ פון זינען, יאָסי בער!... טאַטע זיסער!...
— כ'וועל נישט אַנטלויפן פון דאנען, דאַבע. אַ מענטש קאָן נישט אַנטלויפן פון זײַן גורל.
זײ שטײען בײדע אינמיטן שטוב. דאָס נאַפט-לעמפּל רויכערט זיך און פלאַמט אויף יעדע רגע מיט אַ רויטלעכן, בלוטיקן פלאַם. מען הערט דעם ווינט אין די דאַרע צווײַגן פון די טאָפּאָליעס אין

דער דרויסנדיקער פינצטערניש. אויף די פעלדער ארום, ווו עס וואַקסט פאשע-גראָז און רומיאַנעק, וויקלט די נאַכט איין אין גרויסע, שווארצע טיכער די לעצטע שטערן, וואָס פאלן אַראָפּ פון הימל מיט רויטקייט פון די ברענענדיקע וואָלקנס.

* * *

ס'איז האלבער טאָג אין דערפל דאָלנע יארי.

אויפן זאמדיקן שאָסיי שטייט אַ הייפל פּאָלקס־דייטשלעך. דער, וואָס שטייט אַרויסגערוקט דער ערשטער, איז אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער, אַ געלער אויפן פּנים מיט וואסערדיקע, גראָע אייגע־לעך. קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס. זיין גוף איז אַראָפּגע־זעצט, און די פיס זיינע, דיקלעכע און קורצע, ווי ביי אַ דיקן הונט, זיצן אין טיפע, ברייטע שטיוול. ער טראָגט אַ גרין קאפּעלושל, און זיין געל פּנים שווימט אַרום אין אַ פעטן שווייס. די איבעריקע מענטשן אַרום טראָגן פארוואָרפן אויף זייערע שפּיציקע אַקסלען יעגער־ביקסלעך. דאָס זיינען די דייטשע פויערן, וואָס האָבן צוגע-זען די בהלה און ווארטן איצט אַפּ דאָס קומען פון זייערע.

אינמיטן פון דאָזיקן הייפל שטייט יאסי בער.

ער שטייט אַ באָרוועסער, יאסי בער, די רויטע באָרד צע־פּאטלט, אָן אַ היטל, די האָר צעשויבערט, און אין דער שבתדיקער שוואַרצער זשופּיצע, פון וואנען מען זעט ארויס זיינע פיס — דארע, מיט ברייטע פויערישע פיאטעס. די אויגן זיינע קוקן אויף דער ערד. זיי זעען פארשטויבטע שטיוול, זעלנערישע גלאנציקע שטיוול. ער שווייגט. דאָס העמד אויפן הארץ ביים אים איז אָפן. די רויטע האָר פון זיין ברוסט קוקן ארויס. דער מענטש מיטן גרינעם היטעלע אויפן קאָפּ הייסט דעם ייד יאסי בערן טאַנצן. אַ יידן־טענצל אויף איין פוס. יאסי בער פארשטייט נישט זיין לשון. שטייט ער און שווייגט. דער מענטש אין קאפּעלושל ווייזט אים וואָס ער מיינט. די איבעריקע דייטשלעך שטעלן זיך ארום אין אַ קרייז. באַלד וועט דער ייד מוזן טאַנצן. ער וועט טאַנצן. ער וועט טאַנצן...

זיי נעמען אַרויס פון די כאַלעוועס דינע, לאַנגע באַגנעטלעך און זעצן זיי אַרויף אויף די ביקסלעך. מיט די שפּיצן פון די באַג־נעטלעך קיצלען זיי די באָרוועסע פּיס פונם ייד. יאָסי־בער הויבט אָן שפּרינגען פון איין פוס אויפן צווייטן. אויפן לינקן פוס האָט זיך באַוויזן אַ דין שנירעלע בלוט. דאָס בלוט איז אַראָפּגערונען אויפן זאַמד, און דאָס זאַמד איז געוואָרן רויטלעך פאַרפלעקט.

און יאָסי־בער האָט אָנגעהויבן.

ער טאַנצט איצט, יאָסי־בער, אויף איין פוס, שרעקעוודיק, איינגעהאַלטן. די זשופּיצע שטערט אים אַ ביסל, שאַרט ער זי צו־נויף מיט איין האַנט און טאַנצט שוין גיכער, ווילדער, אויפהויבנ־דיק די צווייטע האַנט, און דרייענדיק זיך ווי אַ ווינט־מיל. ער ווערט מיד, לאָזט ער אַראָפּ דעם צווייטן פוס און טאַנצט אויף אים ווייטער. אויך פון צווייטן פוס הויבט אָן רינען אַ וואַרעם שני־רעלע בלוט. דאָס קופּקעלע מענטשן קייכט אין אַ שדיש געלעכטער. יאָסי־בער טאַנצט אונטער די שטעך פון די באַגנעטלעך. לינקס! רעכטס! ל־נ;ס! רעכטס! און יעדעס מאָל זיצט אַ צווייטער שטאָך אין זיינע טאַנצנדיקע פּיס. דער קאָפּ שאָקלט זיך אים, ווי ער וואָלט געווען איינגעשניטן אין האַלדז, צוזאַמען מיט דער רויטער, צעפּאַ־טלטער באָרד. פון שטערן רינט אים אַ בייסיקער שווייס אין אָפּע־נעם מויל אַריין, ער דרייט זיך וואָס אַמאָל ווילדער, וואָס אַמאָל עקשנותדיקער. פון הינטער די פאַרשלאָסענע אויגן זעט ער ווי אַלץ דרייט זיך מיט אים. עס דרייען זיך מיט אים די הויכע, דאַרע טאָפּאָליעס, וואָס שטייען ביים וועג, די שטיינער ביים שאָסיי, די הילצערנע פּלויטלעך, די כאַטקעלעך, דער לייִדיקער טראַקט, וואָס פירט צו דער וואַרטע, דער הימל מיט דער זון, גאַנץ דאָלנע יאַרי דרייט זיך מיט, און צוזאַמען מיט דאָלנע יאַרי טאַנצן שוין די בלאָע וועלדער, וואָס ציען זיך אין דער וועלט אַריין, עס טאַנצן די אָפענע פעלדער מיט די סאַזשעלקעס, די שיטערע זילבערנע וואָל־קנס, וואָס ציען זיך אויס, ווי פידלען, און דער ווינט שפּילט איבער זיי.

פלוצעם גייען אויף אינמיטן טאָג די שטערן. די לבנה באַווייזט

זיך אַ ציטערדיקע און בלייכע, און צוזאַמען מיט די קרייזנדי־
קע שטערן, טאָפּאָליעס און סאַזשעלקעס, דרייט זי זיך שוין מיט
אײנעם שווינדלדיקן טאַנץ, בעת פון די וואָלקנס שווימט אַראָפּ אַ
סאַמעטן געפּליסטער, עס זינגען אַזוי די ווינטן אויבן, און ער הערט
שוין, יאָסי־בער, ווי דער טאַטע זינגט אים צו. דער טאַטע בייגט זיך
איבער אים און ער הערט זיין קול: יאָסי ־ בער... יאָסי ־ בער...
טאַנץ!... טאַנץ... טאַנץ, מיין זון, טאַנץ!... און צוזאַמען מיטן טאַטנס
ניגון גייט אויף אַ געזאַנג פון די ווייסע שטיינער, פון זאַמד, פון
די טאָפּאָליעס, וואָס ציטערן אין דער לבנה, פון די שטאַלן און
פּלויטן, און עס טראָגט זיך דאָס געזאַנג אַהין צו די בלאָע וועלדער,
וואָס האַלטן איינגערעמט דאָלנע יאַרי, ווי אַ גילדן וואַסער־
שיסעלע.

* * *

צוויי טעג איז דאָבע מיטביידע הינט געלעגן אין קעלער. זי
האָט די הינט אָן אויפהער געשטופּט קאַלט פלייש אין די פּיסקעס,
אָבי זיי זאָלן זיך נישט רייסן פון פינצטערן קעלער אַרויס. די הינט
האָבן זיך די גאַנצע צייט געריסן און דאָבע איז געלעגן איבער
זיי ווי אַ געקוילעטע. דורכן קליינעם קעלער־לאָך איז אַריינגע־
רונען אַ טריבע און נאַסע ליכטיקייט.

ערשט אויפן צווייטן טאָג איז דאָבע אַרויס פון קעלער.

דאָלנע־יאַרי איז געווען ליידיק. איבער דעם זאַמדיקן וועג
האָבן זיך געוואַלגערט שטוב־כלים און אַלטע אַוועקגעוואָרפענע
מלבושים. אַ ליידיקייט איז געגאַנגען פון הויף צו הויף, און אין
דער דאָזיקער ליידיקייט האָט פון צייט צו צייט אַרומגעטראָגן זיך
דאָבעס געשריי:

— יאָסי־בער! יאָסי־בער!...

די ליידיקייט פון דאָרף האָט איר אָפּגעענטפערט און איר
קול צעטראָגן איבער די בלאָע מאָכיקע וועלדער.

די הינט זיינען איר פאַרויסגעלאָפן. זיי זיינען אַוועק צום
וועג, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ משופּעדיק. דאָבע לויפט זיי נאָך. זי
זעט ווי זיי קלאַמערן זיך ביי אַ בערגל.

אַז דאָבע קומט צו נענטער דערזעט זי: די הינט ליגן מ׳יט אויסגעצויגענע העלדזער, זייערע פּיסקעס — באַגראָבן אין די פּאָדערשטע לאַפּעס. אַ הינטישע פאַרלוירנקייט רינט פון זייערע אויגן. זיי ליגן אויסגעצויגן ביי די זייטן פון בערגל, ווי די אָפּגעסמטע.

בישט ווייט פון בערגל רוישט דאָס גראָע וואַסער פון דער וואַרטע. קעגנאיבער איבערן בלאָען ראַנד פון די וועלדער גייט אונטער די זון און צעשיט איבערן חלל אַ געוועב פון אומצאָליקע פּראַנדזענע טיכער — רויטלעכע און בלאָע. דאָבע ליגט שוין איצט איבער דעם ביסל צערודערטער ערד. פון דעם האַלב-אָפּעגעם בערגל קוקט אַרויס אַ שטיק שוואַרצע זשופּיצע. די זשופּיצע צעפלאַקערט זיך אין אָוונט-ווינט, ווי אַן אָפּגעריסענער פליגל פון אַ פויגל און בלייבט דערנאָך ליגן איבערן בערגל געלן זאַמד, ווי אַן אַרומגעמענדיקער שוואַרצער אָרעם.

---

# שניי

דער ווינט האָט אין אָווגוסט, אַז אייז־קאַלטער און מעסערדיק־שאַרף, צונויפגעקליבן בלאָע בערגלעך שניי, געטראָגן אים ווילד איבער הייזער און פלויטן און צעשיט דערנאָך מיט אַ שדיש וואָיען אין די שפּאַרעס און שפּאַלטן פון ווענט און דעכלען. דאָס פייפן פון ווינט האָט נאָך פאַרשטאַרקט די טיפע שטילקייט פון דער נאַכט, וואָס איז געהאָנגען איבערן געטאָ מיט פינקלדיקע, ווייטע פאַרפרוירענע שטערן. ערגעץ אויף די צפון־פליינען הינטער די דראָטן האָט זיך דער זעלבער ווינט שפּעטער צעהוליעט מיט אַ פּראָסטיק לאַכן און געכיכיקעט ווי אַ נישטגוטער. טאַקע צו צפון־זייט פון געטאָ האָבן זיך געצויגן די זאַמדיקע פעלדער פון בית־עולם מיט די רעשטן פאַרבליבענע קאַשטאַן־ביימער און ווילדע, טרויעריקע קשאַקעס. דאָרט זיינען זעלטן שוין געשטאַנען באַוווינטע הייזלעך. די פעלדער אַרום ציען זיך דאָ ביז צום בזשעזשינער וועג, וואָס וויקלט זיך דערנאָך צונויף מיטן וואַרשעווער טראַקט. דער בית־עולם איז זייט די צוויי געטאָ־יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער טויטן־שטאָט. אין די טויזנטער האָבן די קליינע הילצערנע מצבה־ברעטלעך באַדעקט די ערד, זומערצייט אינגאַנצן פאַרדעקטע מיט הויך ווילד־גראָז און שטעכיקע פעלד־בלומען און אין ווינטער איבערגעדעקט מיט אַ ווייך שניי־ליילעך. קוקנדיק אַזוי אויף די ווייטע, ברייטע פעלד־שטחים, האָט מען געקאָנט פאַרגעסן, אַז אונטערן שניי רוט אַ גאַנצע שטאָט פאַרשטאָרבענע יידן. דער ווינטער אין דאָזיקן יאָר איז געווען אויסטערליש שאַרף.

דער פראָסט, זילבערדיק־בלוי, איז געשווומען אין דינע נעפּעלעך פון די נאָענטע פעלדער, געשניטן דעם אָטעם פון די מענטשן. סרוב איז מען געלעגן איינגעוויקלטע אין די מלבושים אויף די בעטן און גאַנצע וואָכן נישט אַרויס אינדרויסן. גאַנצע טעג פלעגט די זון שטיין אַ געפרוירענע און אכזריותדיק הענגען אין אירע אומענדלעכע הימל־געוועלבן. ערשט אַקעגן דעמערונג האָט זיך דער שניי אויפגעהויבן; געשמיסן פון אַ פראָסטיקן ווינט, האָט ער אַזוי געשיט אַ גאַנצע נאַכט, אַדורכלאָזנדיק דורך זיינע ווינטיקע אָרעמס פון צייט צו צייט אַ דינעם, גרינעם שטריף פון קאַלטע, ווייטע שטערן.

ס׳האָט זיך דערנענטערט צו האַלבער נאַכט. אַרום די דראָטן אין די וואַך־ביידלעך זיינען געזעסן אין זייערע פעלצן די דייטשע וואַך־פּאָסטנס און געקוקט מיט פאַרשפּיצטע אויגן דורך די אויסגעשניצטע לעכער צום בלענדיקן שניי־טאַנץ אינם געטאָ. אַרום בית־עולם נעבן דער וואַנט, וואָס לויפט דאָ מיט אויפגעשטעלט שטעכל־דראָט, האָט זיך דער ווינט געוואָרפן און געשפּילט אַ האַרט מעטאַלן געזאַנג פון דראָט און ווינט. דערהערנדיק דעם דאָזיקן פאַרדעכטיקן דראָטן־קלאַנג האָט זיך דער דייטש טיילמאָל אַרויסגעריסן פון זיין ביידל און זיך צעשריען אין דער נאַכט מיט אַ ווילד וועלפיש וואָיען: האַ־אַ־אַ־לט!... ער פלעגט דערביי אויסציען די ביקס און וואַרטן. דאָס עכאָ פון זיין געשריי האָט זיך געקאָלערט אויף די שטילע, פינצטערע פעלדער און איינגעזונקען געוואָרן הינטערן בית־עולם. די דראָטן האָבן נאָך געציטערט אין קאַלטן ליכט פון די עלעקטרישע לעמפּ. קיין שאָטן פון קיין מענטש זעט מען נישט. דער דייטש שטייט אַ ווייל מיט דער אויסגעצויגענער ביקס לענגאויס די דראָטן. ס׳ווערט זייער שטיל. ער הערט דעם שניי־געווירבל פאַלן אויף די אַרומיקע פעלדער. אפשר בלויז דער שניי־ווינט? און אפשר גאָר — טראַכט דער דייטש — איז דאָס דאָס נאַכטיקע פליסטערן פון די יידישע געשפּענסטער און טויטע? עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז ערגעצוו ביי די פּעריפעריעס, הינטערן בית־עולם, האָט אַ ייד געפּרוווט אַדורכגיין און

אַ טרייסל געטאָן די דראָטן — אַ מענטש האָט זיך ארויסגעגנבעט אין דער דאָזיקער שניי־נאַכט פון געטאָ און זיך געלאָזט אין נאָ־ענטן וואַלד אַריין...

סענדער האָט נישט געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס וועט אַדורכגיין. שוין וואָכן ווי אַן איינציקער רעיון האָט אים געפרעסן דעם מוח: אַנטלויפן... באַלד נאָכן טויט פון טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען געשוואָלענע אויסגעגאַנגען, איז סענדער געבליבן מיט דער עלטסטער שוועסטער, מיט איטען. מתחילת האָט ער זיך אַליין אַרומגעטראָגן מיט דער דאָזיקער מחשבה. דער טאַטע האָט אָפּ־שטאַרבנדיק געלאָזט פאַלן עפּעס אַ וואָרט וועגן אַנטלויפן. ער האָט אַ האַלב־גוססדיקער גערעדט פון יידישע גבורים, פון בר כוכבא, פון די חשמונאים, פון קידוש־השם און פון מסירת־נפש און נקמה. די פּאָר יידן, די שכנים, וואָס זיינען געשטאַנען ביי זיין בעט, האָבן געוויינט אַן אַלט יידיש געוויין אין זייערע הענט אַריין. און סענדער אַליין איז געשטאַנען דעמלט אינמיטן פון דאָזיקן געוויין און זיך צעהעשעט פון דער דאָזיקער געליימטער מאַכטלאָזיקייט פון אַ פאָלק. נאָך דער גרויסער אויסזידלונג איז די שרעק געזעסן אין יעדער יידישער שטוב, און מען האָט געוואַרט אויפן גורל. אָבער סענדער סטעלמאַך האָט אין זיך צונויפגעשאַרט דאָס רעשט ביסל כוח און באַשלאָסן: אַנטלויפן. דער שוועסטער האָט ער ערשט שפּעטער דערציילט פון זיין סוד. זי האָט באַלד געזאָגט, אַז זי גייט מיט אים מיט. מען האָט געהערט פון יידן, וואָס מען האָט געכאַפּט מחוץ געטאָ און וואָס זיינען שפּעטער אַריין אינם געטאָ, אַז ער־געצוו נישט ווייט פון די לענטשיצער וועלדער זאָל זיך געפינען אַן עדה אַנטלאָפענע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס ביי גוטע פויערים. פאַר דער מלחמה האָט סענדער ביים טאַטן אין שמידעריי געקאָ־יועט פויערישע פערד און דאָס פויערישע לשון איז אים נישט געווען פרעמד. דעמלט איז ער געווען דעמביק־צעוואַקסן מיט הענט פליישיקע און אַקסלען פון אַ בעל־גוף. איצטער איז פון אים דאָס לייב אָפּגעפאַלן שטיקערווייז, אַזוי ווי אַ מלבוש וואָס מען טוט פון זיך אויס. ווי אַן אָפּגעשונדענער בוים איז דאָס לייב אויף

אים אַלץ מער איינגעפאַלן און געטרוקנט. נאָר ערגעצוו, אין אַ ווינקל פון מוח, האָט געטליעט דער פלאַם פון טאַטנס לעצטע רייד. אין זיין האַרץ האָט געברענט ווי אין אַ זילבערנעם לייכטער אַ סודותדיק און היילק פלעמל: ראַטעווע זיך, אַנטלויף...

ביידע האָבן זיך היינט אין דער אָנקומענדיקער אָוונט־טונקלקייט געשאַרט צום בית־עולם צו. דאָס טירל איז נאָך געשטאַנען אָפן, וואָרעם ביז אין טיפער דעמערונג באַגראָבט מען די טויטע. די קבֿרים מיט די שפּאַדלעס אויף די פּלייצעס זיינען שוין לאַנג הינטער דעם מויער. דער בית־עולם איז געוואָרן ליידיק. דער שניי־געווירבל האָט עפּעס אויסגעיאָמערט אויף די שטעכיקע קשאַקעס אַרום די אַלטע יידישע מצבֿות. סענדער און איטע ליגן אונטער אַ דינעם שניי־שיכט. זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעלייגט ביי די בערגלעך פון טאַטע־מאַמע. איטע — נעבן דער מאַמען און הינטער איר, קעגנאיבער אין אַ צווייט סטעזשקעלע, ליגט סענדער ביים טאַטנס קבֿר. זיי האָבן אָפּגעמאַכט נאָך פריער, אַז דאָס וועט זיין דאָס לעצטע אָרט פאַרן אַריבערגיין די דראָטן. פון דאַנען איז נישט ווייט צום צוים, אַן ערך פופציק־זעכציק טריט.

שוין עטלעכע שעה ווי ביידע ליגן אַזוי אויף דער געפרוירענער ערד. דורך די פּאָר שעה האָט דער שניי זיי אינגאַנצן פאַרשיט און זיך אויסגעגליכן מיט דער שניי־דעק איבער די קבֿרים.

נישט סענדערן און נישט איטען האָט די אַרומיקע בית־עולם־פינצטערניש נישט געשראָקן. וואָס מער דער ווינט האָט אַראָפּגעשליידערט קופּעס שניי איבערן פעלד, אַלץ מער איז אין זיי אויפגעגאַנגען אַ פרייד און בטחון, אַזוי ווי דער בטחון צום לעבן וואָלט געלעגן ערגעצוו אין די אָרעמס פון די ווינטן, וואָס קומען אָן פון ווייטע פעלדער. פון סענדערס אָטעם איז דער שניי אַרום זיין פּנים געוואָרן פייכטלעך און צעגאַנגען. די אבֿרים זיינע פון ליגן אויפן פעלד זיינען געוואָרן פאַרשטאַרט. מיטן רעכטן אָרעם האָט ער אָנגערירט דאָס ערדישע בערגל פון טאַטנס קבֿר. מיט זיין מויל איז ער געלעגן צו דער ערד און מיט פאַרשלאָסענע אויגן עפּעס אַריינגעמורמלט. אים איז אויסגעקומען, אַז דער טאַטע, אַ

פּאַר איילן אונטער אים, ווייסט אַליך, וואָס דאָ קומט פאָר, ער פרייט זיך, און אַ שמייכל וועבט זיך אויף זיין טויט פּנים. אָבער באַלד האָט ער זיך צוגעהערט צו דער ערד איבערן טויטן טאַטן, אָנשפּיצנדיק די אויערן: ווינט און שניי מיט קאַלט וואָיעניש האָט זיך געטראָגן איבער זיין קאָפּ. אונטערן שניי זיינען געלעגן די טויטע און געשלאָפן זייער שלאָף. סענדער האָט שטומערהייט גע-בעטן ביים טאַטן רחמים. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער לאָזט זיך אין וועג אריין, ער און איטע, און ביידע דאַרפן זיי גרויס רחמים אין סכנהדיקן וועג. איך גיי אַוועק פונדאַנען, טאַטע, — האָט אין אים געערדט אַ קול אָן ווערטער — כ'גיי ראַטעווען ס'לעבן און זוכן נקמה, ווי דיין הייליקער ווילן איז געווען. אין זכות פון דיין הייליקן טויט, טאַטע, און אין זכות פון דיינע טויטע שכנים, העלף מיר, שוץ מיך פון דער סכנה... איך ליג נעבן דיר און בעט פאַר אונזער לעבן. איך, סענדער, בעט ביי דיר: שוץ אונז אין דער גרויסער סכנה, מי זיך פאַר אונז...

און נעבן קבר פון דער מאַמען איז געלעגן איטע אַ פאַר-שוויגענע, דעם קאָפּ אָנגעלענט אין אַ פאַרפרוירן שטיק זאַמד. איר פּנים איז געלעגן אין אַ טייך וואַסער. פון אירע אויגן האָט אָן אויפהער גערינען אַ געוויין. די טרערן זיינען אַריין אינם זאַמד פון דער מאַמעס בערגל. זי האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך אַרויס-שאַרן פונדאַנען און זיין אויף יענער זייט געטאָ. אַרויסהויבנדיק פון אונטערן שניי איר קאָפּ, האָט זי דערזען די עלעקטרישע לעמפּ צאַפּלען אויף די דראָטן. דאָס ליכט אינם שניי-געווירבל איז גע-ווען טונקל-געל און רויטלעך ביי די ראַנדן. ס'איז איצט געווען די פּאַסיקסטע צייט אַדורכצוגיין אונטער דעם דראָטענעם צוים. זי האָט מיט דער האַנט אַראָפּגעשאַרט דעם שניי פון פּנים און שטיל אַ פליסטער געטאָן צו סענדערן.

אונטערהויבנדיק זיך אויף ביידע עלנבויגנס און קוים אויפ-הויבנדיק די קני, האָט זיך איטע געשאַרט, אײַנגאַנצן אַ פאַרשאָ-טענע מיט שניי, לענג־אויס דעם שמאָלן סטעזשקעלע גלייך צו די דראָטן צו. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אירע אויגן האָבן

אַרײַנגעזויגן די אַרומיקע לויערנדיקע סכנה. די וואַך־פּאָסטנס האָט מען אין ערגעץ נישט געזען. דער שניי־געווירבל האָט זיך גע־טראָגן דאָ אויפֿן באַרגיקן פֿעלד ווי ער וואָלט וועלן דעם מינדסטן שאָרך אין זיך אײַנשלינגען און העלפֿן דעם מענטשן אַדורכגיין דעם צוים. פֿון די אַרומיקע פֿעלדער האָט זיך געוויקלט אַ פֿינצטערניש אַ שווערע און קאַלטע, וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס נישט־ווײַטע אָנ־קומען פֿון טאָג. מען האָט זיך געמוזט אײַלן. הינטער איר אויף אַ צען טריט האָט געפֿויזעט סענדער. איטע איז די ערשטע צוגע־קומען צום צוים. זי איז געלעגן אָן אָטעם, אַן אויסגעצויגענע אונטערן שניי. אירע אויגן האָבן געזוכט צווישן די אונטערשטע דראָטן דעם ברייטן שטח, כדי אַדורכצושלעפּן דעם גוף. מען דאַרף זיך נאָר טיפֿער אַרײַנגראָבן אונטערן שניי און אַזוי אַרום דורכ־פּויזען ווי אַ שלאַנג. איטע שרומפּט זיך אײַן, אײַנפּרעסנדיק זיך אין דער ערד, ווי זי וואָלט געוואָלט אַרײַן אין איר שנייִאיק לײַב. דאָס האַרץ קלאַפּט אין איר שווער. זי הערט דאָס קלאַפּן און איר דוכט זיך, אַז עס איז אַזוי הילכיק, אַז מען הערט עס מײַלן־ווײַט. נאָך גוט וואָס דער ווינט פֿאַרטויבט אַלץ אין אירע אויערן און אויך דאָס קלאַפּן פֿון איר אייגן צעפּלאָשעט האַרץ.

זי ליגט שוין איצט, איטע, אויף דער צווייטער זײַט. זי איז אַדורך. אַ טיפֿע, וואַרעמע, מענטשלעכע פֿרייד האָט זי אײַנגעאַנצן באַגאָסן צוזאַמען מיט הייסע אַנגסטן אויפֿן לײַב. זי האָט אַרײַנ־געצויגן אין זיך די לופֿט, וואָס איז געווען קאַלט און פֿײַכט, די לופֿט אויסערן געטאָ. דער אונטערשטער דראָט האָט בײַם דורכגיין אַפֿילו קיין סקריפּ נישט געטאָן. די פֿאַרשפּיצטע, פֿאַרזשאַווערטע דראָטן האָבן איצט קלאַנגלאָז געכוואַליעט אינם ווינט מיט אַ ניגון פֿון פֿרײַקייט פֿון די אַרומיקע פֿעלדער. זי וועט ליגן דאָ אַ ווײַל, איטע, און דערנאָך זיך אַוועקוויקלען מיטן ריוו צום וואַלד צו... צום וואַלד, נעבן בזשעזשינער וועג...

ס'איז געווען די שעה פֿאַרן אויסברוך פֿון טאָג, בעת די פֿינצטערניש איז אַמשטאַרקסטן און אַמטיפֿסטן. איטע איז געלעגן צוגעדעקט מיט שניי און נאַכט. פֿאַרכשופֿט פֿון דער דאָזיקער

פרייקייט אין אַן אָפענער וועלט, האָט זי זיך געגורעט אינם ריוו וי אין אַ וואָרעם, ווייך קישן און געוואַרט אויף סענדערן.

דער שניי איז איצט געפאַלן שטיל, אָן ווינטן. הינטערן צוים אויפן בית-עולם האָט זיך סענדער געריטשט אויף אַלע פיר לענגאויס דעם שמאָלן שטעגל. אַ נייע שניי־שיכט האָט באַדעקט די פאַרפרוירענע ערד און אויסגעגליכן די אומצאָליקע טויטן־בערגלעך. ער האָט איטען שוין נישט געזען. זי איז אדורך — און איצט דאַרף ער אַדורכגיין. פויזנדיק אויפן בויך, האָט זיך אים אין די ערמל, הגם זיי זיינען געווען פאַרבינדן מיט שנירלעך ביי די האַנטגעלענקען, אַריינבאַקומען שניי און געלאָשן די הויט, וואָס האָט געברענט פון עפּעס אַן אומגעדולדיק פייער. דאָס דאָזיקע פייער האָט אים געשטאַרקט און געצונדן דאָס האַרץ ווי אַ תפילה, וואָס ברענגט נענטער צו גאָט. ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט בייקומען די סכנה. אַלע טויטע וועלן שיצן דאָס לעבן זיינס, וואָס וויל אַרויס. פאָרויס גייען די נשמות פון טאַטע־מאַמע, הייליקע און לויטערע, און נאָך זיי די טויטע, וואָס זיינען אַרויס פון זייער ווייס, שנייאיק געלעגער.

דער ווינט האָט זיך איצט אויפגעהויבן אויף דער צווייטער זייט פון צוים. דער שניי טאַנצט איבער די דראָטן. נאָך איינאיינציקע באַוועגונג פאָרויס, און ער דערגרייכט מיטן קאָפּ דעם דורכגאַנג. ס'איז גוט וואָס איצט פייפט דער ווינט. און אין דאָזיקן פייפן פון ווינט הערט מען אויך אַ דורכלויפנדיקן געשריי פון אַ נאַכט-פויגל. ער צאַפּלט אויף — און בלייבט ליגן אַ רגע.

ער איז שוין געווען מיט זיין האלבן גוף אויף דער צווייטער זייט, ווי ס'האָט זיך צעקאָלערט ערגעץ אַ טעמפּער עכאָ פון אַ קלאַפּ און אין דער זעלבער רגע האָט סענדער דערפילט אַ דינעם ברי איבערן שטערן. די ערשטע מחשבה איז געווען — צעדראַפּעט זיך מסתם דעם שטערן מיט אַ פּעלד־געוויקס. ער האָט געפּרווט זיך אַ ריר טאָן — און אים איז געוואָרן וואַרעם איבערן גאַנצן פּנים. אַ פּליסיק שנירל איז אים גערונען גלייך אינם מויל אַריין מיט קלעפּיקער וואַרעמקייט. דאָס דאָזיקע שנירל האָט

אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער וואָרעמען זיינע באַקן און אריין אין האַלדז. ער האָט געפּרוווט אַ ריר טאָן מיטן רעכטן פוס — און נישט געקענט, ווי די בית-עולם־ערד אינעווייניק וואָלט אים נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך, און די טויטע ציען אים צוריק. ער האָט צונויפגעשאַרט זיין פלאַטשיקן גוף, כדי זיך אַ ריים צו טאָן פאַר־רויס, דער גוף איז אָבער צוריקגעפאַלן אַ געליימטער. דאָס איז געשען אַזוי גיך, אַז די מחשבה זיינע האָט פאַרלוירן דעם כוח אויפצונעמען דאָס געשעענע. מיט איינמאָל האָט נאָך דאָס רעשט ביסל באַוווסטזיין, וואָס האָט געברענט ערגעץ אין אַ ווינקל פון זיין געטראָפּענעם קאָפּ — אויפגעלויכטן ווי אַ בליץ, און סענדער האָט מיטן לעצטן ביסל כוח פון זיינע הענט און פיס זיך צוריק־געשאַרט אויפן בית־עולם, פויזנדיק אויף הינטערווייליקעכטס אַ פּאָר טריט.

ער איז שוין געלעגן איצט רויק, דאָס פּנים פאַרגאָסן מיט בלוט. ער האָט נאָך געעטעמט מיט קאַלטן ווינט און שניי. אָבער באַלד איז אים דאָס עטעמען געוואָרן שטילער און אויסגעגאַנגען.

דער שניי איז דערוויל געפאַלן אָן אויפהער. אַ שטילקייט, ווי זי וואָלט אָפּירגעהויבן זיך פון אונטערן שניי, איז געהאָנגען אין חלל. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי דער שניי האָט פאַר־דעקט דעם מענטשן און ס'האָט זיך מער נישט געזען ווי אַ פלאַך פעלד. טיף אונטערן שניי זיינען געשלאָפן די טויטע זייער וויטן שלאָף. אָט־אָט קומט אָן דער טאָג. אויף די מזרח־ראַנדן פון הימל האָבן זיך באַוויזן גראָ-ווייסע שיטערע פלעקן. דאָס האָבן זיך אַזוי צעשאַרט די לעצטע שניי-וואָלקנס פאַרן קומען פון מאָרגן־ליכט, אָבער צווישן זייערע פאַלדן אויפן העל־בלאָלעכן נאַכט־הימל האָבן נאָך לאַנג געפינקלט די לעצטע נישט אויסגעלאָשענע שטערן.

---

# ברויט

דאָס קליינע צימערל, ווו די מאַמע גליקע האָט זיך אריינ־געכאַפּט מיט איר הויזגעזינט, מיט שימעלען און מיט די צוויי קינדער זייערע, זיצט אין פאָדערהויז פון הייזל און קוקט מיט איינאיינציקן שמאָל פענצטערל אַראָפּ אין געסל, וואָס געהערט שוין נישט צום געטאָ. דאָס געסעלע, ווי אַ שמאָל טונעלעכל, לויפט מחוץ דעם געטאָ, לעבן די אויפגעשטעלטע דראָטענע צוימען. ס'הייזל אַליין — אַ הילצערנס, פּרוכנעוואטע פון זקנה, און האַלב־פאַר־זונקען פון רעגנס און שנייען דורך אַ סך דורות, בויגט זיך מיטן דאַך וואָס אַמאָל מער איבער דער פאַרצוימונג, ווי אַ מענטש, וואָס וואָלט זיך איינגעבראָכן אין קלאָגן: וויי־וויי, וואָס איך האָב דער־לעבט... וויי־וויי צו אזא גורל... קיין שום דאך פון די אַרומיקע שטיינערנע הייזער האָט נישט אזוי אויפגענומען דאָס רעגן־געזאַנג פון די הארבסט־נעכט, דאָס פריידיקע גלעטן פון שניי־געווירבל און די לויטערע שפּאציר־גענג פון זילבערנע לבנות — ווי דער אַלטער, געלעכערטער דאך אויפן אלטן, איינגעזונקענעם הייזל.

פון שמאָלן פענצטערל זעט מען „זיי" תמיד אונטן. שוין טעג און חדשים ווי שווארצע, גלאנציקע זעלנער־שטיוול מעסטן דעם ברוק אַהין און צוריק אָן אויפהער, בייטאָג און ביינאַכט. דער דייטש דרייט זיך דאָ מיט דער ביקס, האַלט אין איין קוקן צום פּרוכנעוואטן הייזל און צום שיפן דעכל. צום פענצטערל גייט קיינער פון די שטוביקע נישט צו. דאָס פענצטערל איז בלויז אַ ביסעלע אויפגעלענט, וואָרום, אַז דער דייטש דערזעט אונטן אַן

אָפּן פענצטער, אָדער אַ שאָטן פון אַ קאָפּ — שיסט ער ארויף... שטייט טאַקע איצט אין גליקעס שטוב דאָס פענצטער אַ קליין ביסעלע אויפגעלענט מיט אַ קליין שפּארעלע. ס'איז אַ הייסער, תמוזדיקער טאָג. דורך די שמאָלע עפענונגען פון פענצטער שווימט אַריין אַ טרוקענע, צעהיצטע לופט פונדרויסן.

די שטוב אַליין איז אַ ווייסע, אַ געקאַלכטע, מיט אַ הילצער-נעם בעליק, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ משופּע צום קעכל צו. פון די ווענט קרישלט זיך דער קאלך און ליגט איבער דער אָפּענער און צעריסענער פּאָדלאָגע. דער גוי, וואָס האָט געוווינט פריער אין דער דירה און איז אַוועק פונדאנען בעת די יידן זיינען געקומען אין געטאָ אריין, האָט פארן אַוועקגיין מיטגענומען אַ שטיק פּאָד-לאָגע און אויך צענומען דאָס קעכל. די מאמע גליקע האָט דעמלט אינדערגיך אויפגעשטעלט אַ צווייט קעכל, שטייט עס דאָ אונטער-געשטעלט אויף רויטע ציגל און פון די לויזע שפּארעס שלאָגט תמיד אַ טשאַד פון רויך, ווען די מאמע קאָכט אַ ביסל ווארעמס. קיין מעבל איז נישטאָ, נישט קיין שאַנק און נישט קיין בעטן. די מאַ-מע גליקע האָט אפילו יאָ מיטגעבראַכט פון דאָרטן, פון דער שטאָט, בעת מ'איז אַהערגעלאָפן אַ שיינע קאָמאָדע. דאָרט, אין דער היים, פלעגן די זילבערנע שבת-לייכטער שטיין אין דער קאָמאָדע הינטער אַ גלעזערן טירעלע. איז אָבער געשען, אַז די קאָמאָדע האָט זיך צעשיט אויפן וועג, ווען מ'איז געלאָפן אין געטאָ אריין, און די צוויי שבת-לייכטער ליגן איצט אויף דער פּאָדלאָגע, אין ווינקל לעבן פענצטער, צוזאַמען מיט אָנגעוואָרפן אַלטוואַרג צווישן ליידיקע טעפּ און צעריסענע אַלטע מלבושים...

אין דער רעכטער וואַנט פון שטוב איז פאראן אַ הילצערן טירל, הינטער דעם טירל—אַ קעמערל אַ שמאָלס און אַ פינצטערס, ווו די מאמע האלט אָפּגעלייגט אַ ביסל האָלץ און אויך די ווענט-לעך פון דער צעפאלענער קאָמאָדע. אַ טריבע, קילע טונקלקייט הענגט תמיד דאָ אין קעמערל, שטענדיק איז דאָ אָונט-דעמערונג, און אונטער די שיפּע בעלקעס וועבן זיך נעצן אלטע גרינלעכע שפּינען... דער גוי, וואָס האָט דאָ געוווינט פריער, האָט געהאלטן

אין קעמערל טויבן. אין פֿאָדער־וועגטל, צו דער גאַס צו, איז אויסגעשניטן אַ דריי־ווינקלדיקע עפֿענונג. דורך דער דאָזיקער לאָך אין דער וואַנט זיינען אַמאָל אריין און ארויס דעם גויס טויבן. אויף דער שוואַרצער ערדענער פּאָדלאָגע אין דער קאמער קאָן מען נאָך איצט געפֿינען אין זאמד קליינע האָבערלעך. די טיר אין קעמערל שטייט תמיד אָ פֿארמאכטע. די מאַמע לאָזט נישט אריין אינעווייניק די קינדער, וואָס גראָבן שטענדיק אין זאמד און מאַכן לעכער אין דער ערדענער פּאָדלאָגע. ס'געשעט טיילמאָל, אַז דאָרטן אין קעמערל, אין דער אויסגעשניטענער לאָך אויפֿן קאַנט פֿון ברעט בלייבט שטיין אַ טויב. זי האָט פֿארבלאָנדזשעט דאָ אַהער דורך אַ היימישן ווינט אָדער וואָלקן. זי קאָן זיך אַלץ נישט אָפּגעוווינען פֿון דער אלטער היים, פֿונם אַלטן קעמערל אונטער דעם פֿרוכטבוואַטן דאַך. זי בייגט אריין איר קעפּל אינם ליידיקן פֿינצטערן קעמערל. זי שטייט אַ ציטערדיקע, אַ דערשראָקענע מיט די רויטע פֿיסעלעך אויפֿן ברעט־קאַנט און מיט פֿארחידושטע פּערלמוטערנע אייגעלעך פֿליט זי דערנאָך אַוועק, פֿאָטשנדיק מיט אירע פֿליגל פֿארן פֿענצטער, ווי זי וואָלט זיך געזעגנט:

— זייט געזונט, זייט געזונט, ווער ווייס צי מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען...

* * *

טאַטע־מאַמע האָבן זיך אַזוי איינגעטיילט מיטן טאָג:

באַלד פֿאַרטאָגס, ווי נאָר די זון גייט אויף אין מזרח־זייט פֿון געטאָ, נעמט די מאַמע גליקע צוויי גרויסע טעפּ און שטעלט זיך מיט זיי אַוועק ערגעץ אויף אַ הויף הינטער אַ פּלויט. די מאַמע שטייט דאָרט אָפּ שעהן. טיילמאָל שטייט זי דאָרט ביז טיף אין דער נאַכט אריין. פֿאראַן דאָרט אַ קיך, וואָס קאָכט מיטיקער פֿאַר אַ סך מענטשן. די יונגען, וואָס טראָגן וואַסער פֿון פּלומפּ אין קיך אריין, ווייסן שוין, אַז דורך דער שפּאַרע אין פּלויט קוקן אריין די צוויי אויפֿגעריסענע אויגן פֿון דער מאַמע גליקע. נאָכדעם, ווי די זופּ איז אויסגעטיילט, נעמען פֿון איר די יונגען ביידע טעפּ און

גיבן איר אַרויס אַביסל מוטנע, שיטער געקעכץ. די מאמע, כאַטש ס'האַרץ קנייפּט איר אַזוי שטאַרק פון הונגער פון אַ גאַנצן טאָג שטייט הינטערן פּלויט און קוקן דורך דער שפּאַרע, ווי מען וואַלט איר מיט אַ צוועגל גערופן שטיקלעך פלייש פון דער ברוסט, פאַרזוכט נישט פון דער זופּ ביז זי קומט נישט אין שטוב אַריין. מיט די צוויי טעפּ הינטערן טיכל לויפט זי איבערן געטאָ ווי נישט מיט אירע פיס. זי שרעקט זיך, זי זאָל חלילה נישט פאַרגיסן אַ טראָפּן זופּ, אַ לעפל הייליק געקעכץ. זי לויפט, און די צוויי עקן פון איר טיכל רייסן זיך הינטער איר, ווי צוויי פליגל פון אַ גרויסן דערשראָקענעם פויגל.

גאָר אַנדערש איז די טעגלעכע עובֿדה פון טאַטע שימעלע.

אַ קראַנקער, מיט אַ שטענדיק פייכט הוסטעלע און ווייכע פאַרלאָפענע אייגעלעך, ווי פון טרערן, זיצט ער, דער טאַטע, אין שטוב מיט די קינדער אַ גאַנצן טאָג איינגעהילט אין טלית און תפילין. ער הויבט אָן דאַווענען באַלד נאָך גליקעס אַוועקגיין און לייגט אָפּ די תפילין ערשט קעגן אָוונט. די קינדער האָבן מורא פאַרן טאַטן. די לעצטע טעג שטייט ער אָפּ אַזוי שעהן נעבן דער וואַנט אַן איינגעוויקלטער אין טלית און תפילין און רירט זיך נישט פון אָרט. עס דוכט זיך זיי אויס, אַז דער טאַטע לעבט שוין לאַנג נישט, אַז ער האָט אינמיטן דאַווענען אויסגעהויכט די נשמה און ער שטייט אַזוי מיטן פּנים צו דער וואַנט אַ פאַרגליווערטער, אַ קאַלטער, אַ בר מנן... און אַז ער דרייט זיך פּלוצים אויס מיטן פּנים אין שטוב אַריין נאָך אַ סך שעהן פאַרגליווערט שווייגן — דערזעען זיי, די קינדער, ווי דעם טאַטנס פּנים איז אינגאַנצן ווייס ווי שניי, די אויגן — איינגעטונקט אין טרערן... ער זעצט זיך אַוועק אין סאמע ווינקל אַן איינגעהילטער אין טלית און תפילין און וואַרט ביז די מאַמע וועט עפענען די טיר. און לעבן אים צו־פיסנס ליגן אברהמעלע און פערעלע, ביידע צעשראָקענע און פאַר־לוירענע...

זינט מ'האָט אָנגעהויבן אויסטיילן ברויט אויף יעדן קאָפּ אין געטאָ — איז אין שטוב אַ הונגער. מתחילת האָבן אלע געגעסן

בשותפות: טאַטע־מאמע און די קינדער. אַז מ׳האָט אָפּגענומען ס׳ברויט און אַוועקגעלייגט עס אויפן טיש — איז עס לאנג געלעגן ביז וואנען די מאמע האָט אַ פּאָרכטיקע און פלאטערנדיקע גענומען דאָס מעסער, געמאַכט אַ ברכה און אַ ציטערנדיקע צעשניטן כ׳ברויט. אַרום זיינען געשטאַנען די קינדער, דער טאטע, און נאָכדעם ווי יעדער האָט באקומען צו שטילן דעם ע״שטן הונגער, האָט די מאַמע איינגעוויקלט דאָס ברויט אין אַ ווייס ציכל און ערגעץ באַשטאַט, קיינער זאָל נישט וויסן וווּ. דאָס ברויט האָט געדאַרפט סטייען אויף אַ גאנץ לאַנגע צייט. ווי אויף להכעיס איז מיטן אָנקומען פון ברויט אין שטוב געוואקסן דער הונגער און ווי אַ שדל געריסן די געדערים. אין חלום זיינען אויפגעשווומען רונדיקע פרישע ברייטלעך און געזעטיקט. מ׳האָט געוווסט, אַז אין שטוב ליגט ערגעץ באַהאַלטן אַ ליכטיקער אוצר. אָ. גאָט, ווען מען זאָל אַזוי קענען מיטן מעסער שניידן פונם ברויט אַ רעפטל נאָך אַ רעפטל און נישט האָבן די שרעק וואָס מיט יעדן שניט ווערט דאָס ברויט קלענער און קלענער, אַוועקזעצן זיך און עסן ביז צו דער זעט. אָבער דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַ חלום. דערווייל האָט דאָס שדל פאַרשאָלטן יעדן ברויט־ביסן, וואָס איז אַרויף אויפן גומען. דאָס ברויט האָט נישט געזעטיקט. מיט יעדן ביס איז אין די געדערים געוואַקסן דער הונגער ווי אַ קללה.

מ׳האָט געקוקט אויפן ברעקל ברויט, וואָס איז געלעגן אויף דער האַנט ווי אויף אַ דימענט. און איידער עס איז אַרויף אויף דער צונג האָט דאָס אויג זיך געפרייט דערמיט—אַ טרויעריקע, זעטנדיקע פרייד פון קוקן אויף גאָטס גאָב.

אַנומלט איז געשען אַ אומגליק.

די מאַמע האָט אַ גאַנצן טאָג געקלאָגט און זיך פאַרשאָלטן דעמלט דאָס ביטערע לעבן. ס׳איז געשען עפּעס אַזוינס פון וואָס דער טאַטע האָט זיך פון בושה שיער נישט אויפגעהאַנגען אין קעמערל. ער איז געלעגן נאָכן אומגליק גאַנצע טעג אויף דער פּאָדלאָגע און געקרעכצט, געוויינט און געקרעכצט.. ווער האָט זיך

געקענט ריכטן אויף אַזאַ זאַך. די מאַמע האָט נאָר געהאַלטן אין איין זאָגן:

— איצט פעלט נישט מער, רבונו של עולם, ער זאָל אָפּשניידן אַ שטיק פלייש פון די קינדער און אָפּקאָכן...

מ'ווייסט נישט ווי אַזוי, און דער טאַטע אַליין ווייסט עס אויך נישט ווי אַזוי עס איז געקומען צו אַזאַ אומגליק און אַזאַ בושה. בשום אופן קאָן זיך שימעלע נישט דערמאָנען וואָס פאַר אַ כוח האָט אים צו דעם געשטויסן. ער ווייסט נישט.

אַ שטורעם - ווינט איז דעמלט אַרומגעגאַנגען אין זיין הארץ. עס זיינען גאָרנישט געווען זיינע הענט, וואָס האָבן די קינדערס פאַרציעס ברויט אין דער 'טונקלקייט פון קעמערל געשטופּט צו זיך אין מויל אַריין... ניין. ניין... ס'איז שוין נישט דעמלט געווען דער טאַטע... ס'איז נישט געווען שימעלע, נאָר עפּעס אַ פאַרכישופט געשטאַלט, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון אים, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון זיינע הענט און פיס, עפּעס אַ פאַרשאָלטענער דיבוק, וואָס האָט מיטן טאַטנס הענט און מיטן טאַטנס פינגער געריסן דאָס טונקעלע ברויט פון קאַשטן-מעל און באַסליניעט עס צענדליקער מאָל; פונם פולן מויל זיינען אַרויסגעפאַלן נאַסע, צעקייעטע שטיקער און געבליבן ליגן אויף זיינע ביידע האַנט-פלאַכן. פונדאַנען זיינען זיי ווידער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אינם מויל, וואָס האָט זיי פאַרצערט אין אַן אימהדיקער האַסטיקייט. און אַז דאָס איז געוואָרן אָפּגעטאָן, איז ער געבליבן לאַנג שטיין אינעווייניק אין דער פינצטערניש דעם קאָפּ פאַרגראָבן אין די דלאָניעס, אַ פאַרגליווערטער און פינצטערער.

אין זעלביקן טאָג, ווען דער טאַטע האָט אויפגעגעסן די קינדערס ברויט, איז די מאַמע גליקע שפּעט אַהיימגעקומען. זי האָט געפונען ביידע קינדער ליגן אין די ווינקלען פאַרשמאַכטע. און אַז זי האָט דערזען ווי ס'פעלט אַ קנאַפּ פערטל ברויט, האָט זי אויפגעהויבן אַ געוואַלד, און דעמאָלט ערשט איז שימעלע אַרויסגעקראָכן פון קאַמער. זי האָט דערקענט דעם בראָך אין זיינע אַראָפּ-

געלאָזטע אויגן. זי האָט נאָר אַרויסגעסיטשעט, אַזוי ווי אַ געשאָכ־טענער פויגעל:

— אַ טאַטע, האַ? אַ טאַ—טע—ע, האַ? רוצח...

און פון דעמאָלט אָן איז די מאַמע אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצאָג־טע און פאַרזאָרגטע. ביז זי איז געפאַלן אויף אַן המצאה: זי האָט אויפגעפּנייט קליינע טאָרבעלעך פון לייוונט, אַריינגעלייגט אהין די צעשניטענע רעפטלעך ברויט און אַזוי געגאַנגען אין גאַס אַריין מיט ביידע טאָרבעלעך אָנגעהאָנגען אויף איר האַרץ...

---

אברהמעלען רופט די מאַמע: אומעלע. ער איז קליין־געוויק־סיק, מיט אַ שמאָל דאַר קעפּל און אָפּשטייענדיקע אויערן. דעם טאַטנס פּנים איבגאַנצן. די אויגן זיינע זיינען אויך עפּעס פּייכטלעך און אַז מען קוקט זיך גוט איין אין זיי, איז קענטיק די אַלטקייט פון טאַטן, זיין פאַרצאָגטקייט ליגט איינגעקריצט אין „אומעלעס" שמאָלער שפּיציקער גאָמבע. כאָטש אומעלע האָט נאָך נישט איב־גאַנצן קיין צוועלף יאָר — ליגט שוין אין זיין הילוך עפּעס פון טאַטנס אַלטקייט און איינגעבראָכנקייט. ווי אַ זקן האַלט ער די הענט תמיד ביים שטערן אַן איינגעבויגענער און טראַכט וועגן עפּעס. אַן אומרויקער שאָטן יאָגט איבער די בלאַסע דורכזיכטיקע בעקלעך. די פּאָר חדשים געטאָ האָבן די קינדער אינגאַנצן איבער־געאַנדערשט. דאָס זיינען מער נישט קיין קינדער, נאָר זקנים, וואָס אויף זייערע פּנימער זיצט אַ פאַרעלטערטקייט פון יאָרן.

ער זיצט, אומעלע, אויף דער פּאָדלאָגע, און נעבן אים ביי דער זייט דאָס שוועסטערל פערעלע. פערעלע הינקט אַביסל אונ־טער אויף אַ פיסל, אירע שיטערע האָר פון זאַמד־קאָליר פאַלן אַראָפּ איבער די שמאָלע אַקסעלעך. זיי זיצן ביידע אין ווינקל נעבן די שבת־לייכטער און קוקן אַריבער צום צווייטן ווינקל, ווו דער טאַטע פאַרעט זיך עפּעס. די מאַמע איז אַרויס פון שטוב באַלד אינדערפרי, מיטגענומען מיט זיך די טאָרבעלעך ברויט און אַצינד וואַרטן זיי אפשר ווען דער טאַטע באַלד אַרויסגיין פון שטוב, און

זיי וועלן ווידער קאָנען אריינגיין אינעווייניק, אין קעמערל.

עס דויערט אָבער זייער, זייער לאַנג ביז דער טאַטע גייט אַרויס. ער האַלט אין איין קוקן אין אַ ספר אַריין. זינט יענעם טאָג, ווען עס איז געשען די גרויסע חרפּה, קאָן ער נישט קוקן די קינדער גלייך אין די אויגן אַריין. איינגעגראָבן אין די בלעטער פון ספר, זוכט ער עפּעס דאָרט מיט זיינע קליינע שפּיציקע אייגעלעך און טיילמאָל נאָך אַ גרויסן, ברייטן זיפץ לאָזט ער אַרויס די אָנגעזאַמלטע לופט פון די לונגען און בלייבט ליגן מיטן פּנים איינגעגראָבן אין ספר ווי אַ געשאָכטענער... ער רירט זיך נישט לאַנג פון אָרט, דרימלט איין, וועקט זיך ערשט אויף פונם קלאַפּ, וואָס דער ספר טוט, אַרויספאַלנדיק פון זיינע הענט אויף דער פּאָדלאָגע.

איצט זעען די קינדער ווי דער טאַטע הייבט אויף דאָס אַראָפּגעפאַלענע ספר, זוכט דעם שליסל אין טאַש און לאָזט זיך צו דער טיר.

און אַז ביידע, אומעלע און פּערעלע, זעען ווי זיי זיינען געבליבן אַליין — לויכטן זייערע אויגן אויף. אומעלע לויפט שנעל צו צום טירל פון קעמערל, ציט אַרויס דעם משוואָק, אויף וואָס די טיר איז פאַרמאַכט. ביידע לויפן זיי גיך אין קאַמער אַריין, לויפנדיק פאַלט פּערעלע איבער דער שוועל. זי הייבט זיך באַלד אויף און מיט איר הינקענדיק פיסל לויפט זי נאָך אומעלען. אומעלע שטייט שוין אָבער אינדרינען, אין דער טונקלקייט פון דער קאַמער, נעבן דער וואַנט, וואָס פירט צו דער גאַס צו. אומעלע האָט געפונען אין איר אַ ש פּ אַ ר ע...

אין דעם הילצערנעם ווענטל זיינען פאַראַן צוויי לויזע שפּאַרעס, איינע אָפּגערוקט פון דער צווייטער. ביי איינער פון די דאָזיקע שפּאַרעס שטייט איצט אומעלע און זעט:

אונטן, אויף דער צווייטער זייט גאַס, קעגנאיבער די דראָטן — אַ קליין געוועלבל און אַ שויפענצטער פון אַ בעקעריי. דאָס אויג אומעלעס פאַלט גלייך אין פענצטער אַריין. עס ליגן דאָרט אויסגעלייגט ברוינע און גלאַנציקע, ווייסע, רונדיקע בולקעס. דעם אוצר דאָ האָט נאָך נעכטן אברהמעלע אויסגעפונען, בעת די

מאַמע האָט אַ ווייל אָפּגעלאָזן די טיר פון קעמערל. און וואָסער אוצר! אַז מען קוועטשט גוט אַריין דאָס אויג אין דער שפּאַרע קאָן מען זען באַשיינפּערלעך: רונדיקע, פרישע ברייטלעך און העלע ליכטיקע בולקעס. אפשר פיר גאַנצע ברויט ליגן דאָרט אין פענצטער און אפשר אַ צען בולקעס, אָדער נאָך מער. די זון שטייט גראָד אַנטקעגן דעם פענצטער און שיט איר ליכט טאַקע גלייך אויף די אוצרות. אומעלע קוקט אַזוי מיטן לינקן אויג, און די צונג אין מויל שווימט דערווייל אַרום אין שטראָמעלעך פון זיסן שפּייעכץ. אַז ער ווערט מיד מיטן לינקן אויג — שטעלט ער צו דאָס רעכטע, דערנאָך ווידער דאָס לינקע און שפּעטער ווידער דאָס רעכטע. ער דערזעט פלוצים ווי דאָרט קעגנאיבער האָט אַ האַנט פון אינעווייניק אַראָפּגענומען אַ ברויט. ער גיט אַ זיפץ. הינטער אים שטייט פּערעלע, ציט אים ביים הענטל און הערט נישט אויף צו בעטן:

— לאָז מיך אויך צו... אַלץ דו... אַלץ דו... כ'בין אויך הונגעריק...

אומעלע רירט זיך נישט פון אָרט.

פלוצים שרייט ער אויס ווי נישט מיט זיין קול:

— נעם נישט, נעם נישט, נעם נישט!...

קעגנאיבער האָט די האַנט ווידער צונויפגעשאָרט צוויי ברויט און אַ גאַנצע קופּע זעמל. אינם פענצטער זיינען געבליבן נאָך צוויי בולקעס און איינאיינציק ברויט.

אומעלע רייסט זיך אַלץ נישט אָפּ פון דער שפּאַרע.

און אַז פּערעלע ציפּט אים עקשנותדיק ביים ערמל און וויל נישט אָפּטרעטן, ווערט ער אין כעס און שרייט אויס:

— כ'וויל נישט און שוין. איך נעם עפּעס פון דיין קעז?

דורך פּערעלעס שפּאַרע, דורך וואַנען זי קוקט איצט אַרויס, זעט מען אַ קליין קלייטל. דאָרט אינם פענצטער ליגט פּריצהדיק אויסעלייגט אַ דרייקאַנטיקער ווייסער קעז, מער נישט. דערפאַר זעט מען אָבער, אַז מען שטעלט זיך העכער אויף די שפּיץ פינגער, אויף אַ פּיצל פעלד, ווו עס פּאַשעט זיך אַ קו. ביי אומעלען איז

מער גישטאָ ווי ברויט און בולקעס. ער שטייט איצט, אומעלע, און בעט גאָט, אַז די האַנט זאָל מער זיך נישט באַווייזן. ער זאָגט שטילערהייט עפּעס אַ פּסוק, וואָס דער טאַטע האָט אים געהאָט אויסגעלערנט נאָך לאַנג פאַרן געטאָ. און דער דאָזיקער שפּרוך דאַרף העלפן אויף אַלץ. אַז מען איז קראַנק קאָן ער העלפן, אַז מען איז זייער הונגעריק און מען זאָגט אים מיט כוונה — פאַרשווינדט דער הונגער כהרף עין. און טאַקע יעצט פליסטערט אָרמעלע דעם דאָזיקן הייליקן פּסוק און וואָרט. די ברויט זיינען איצט אַזוי באַענגט, די בולקע, — ווי אונטער דער נאָז. ער זעט אפילו איצט די צוויי לעכעלעך אינעם ברויט. און אויף איין בולקע, זעט ער, ווי עס האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַ גרויסע בין, אַ בין מיט גרויסע שימערירנדיקע פליגעלעך.

— ווילסט נישט קיין קעז, אומעלע? — הערט נישט אויף אים צו ציפּן פון הינטן פערעלע — לאָז מיך צו, לאָז מיך צו — אַ נישט, ווען די מאַמע...

אַלץ יאָ, נאָר זאָל חס ושלום די מאַמע נישט וויסן דערפון. ביין, די מאַמע זאָל נאָר נישט וויסן, ווייל נישט, איז אַלץ פאַרלוירן, דער גאַנצער אוצר. מען וועט שוין נישט קאָנען מער אַרייננקומען דאָ אין קאַמער און זיך זאַט־עסן מיט די בולקעס און ווייסע לעבעלעך ברויט. גוט, ער וועט זי צולאָזן בלויז אויף אַ קלייניווילע, אויף אַ רגע נאָר.

— נאָר נישט לאַנג, פערעלע, הערסט? כ'האָב נישט ליב קיין קעז, — רוקט ער זיך פאַמעלעך אָפּ און קוקט שוין איצט דורך דער אַנדערער שפּאַרע.

ביידע קינדער האָבן זיך געטוישט מיט די שפּאַרעס. דורך די שפּאַרעס קאָן דאָס אויג אַריבערשווימען אין אַ פרייער, נישט־פאַרצוימטער וועלט. בלויז איין שפּרונג איבערן פּלויט און — מען איז פריי, מען קאָן גיין ווו דאָס האַרץ גלוסט, אויפן הויף, פון הויף אויפן פעלד, פון פעלד אין וואַלד און אַלץ ווייטער און ווייטער. די קינדערשע אויגן שווימען אַרויס פון קעמערל. קודם־כל — קעגנאיבער אין געוועלבל. אומעלע זעט איצט פלאַשיקן ווייסן

קעז, פערעלע — די לעצטע, גלאַנצנדיקע בולקעס. ווי זיי לאַכן דאָס איצט אַרויף צו זיי, די בולקעס, זיי קומען אַזוי נאָענט אַרויף צו דער שפּאַרע, אַזוי נאָענט הינטערן אויג, אַז פערעלע ווישט זיך אַזש איבער די ליפּעלעך. זיי שמעקן אַזוי אַהער מיט זייער באַשיטן דראָבנעם מאָן. דער מאָן איז זיס, פערעלען קלעפּן זיך שוין די ליפּן פון עפּעס אַ זיסקייט, און זע — זי ווישט מיט דער צונג איבער די ליפּן און טאַקע — זי פילט ווי זי וואָלט אַ לעק געטאָן זיסלעכן מאָן...

פערעלע גיט פלוצים אַ געשריי: קעגנאיבער האָט די האַנט אַראָפּגעכאַפּט די לעצטע בולקעס מיטן ברויט... דאָס פענצטער שטייט איצט ליידיק... אומעלע לויפט שנעל צו צו דער שפּאַרע — און טאַקע — ער זעט ווי דאָס קעגנאיבערדיקע פענצטער איז אינגאַנצן פוסט געוואָרן...

פערעלע זעט ווי אומעלע זעצט זיך אוועק אויף דער ערד און אין די אויגן לויפן אים אָן טרערן. זי שטייט אַצינד ביי איר שפּאַרע און זעט אויפן פעלד אַ קו אַ געפלעקטע מיט שוואַרצלעכע פּאַסן אויפן רוקן.

פערעלע דרייט אויס דעם קאָפּ אין דער קאַמער אַריין, זי פילט ווי אין איר העלדזל גליטשט זיך עפּעס ווייכעס און פאַרשטעלט איר דעם אָטעם.

— אומעלע, — בעט זי זיך ביי אים: ווילסט זען קי...?

און אַז אומעלע ענטפערט נישט אָפּ, זעצט זי זיך צו צו אים, און אירע אייגעלעך לויפן אויכעט אָן.ביידע זיצן זיי לאַנג, שטילע, פאַרשוויגענע און מיט די פינגער גראָבן זיי אין דער טונקעלער ערד פון דער קאַמער ביז די דעמערונג זעצט זיך אויפן דעכל אַ שרעקעוודיקע, און די מאַמע געפינט זיי ביידע שלאָפנדיקע איינער אויפן צווייטן.

———

דעם טאָג האָט די מאַמע פאַרקלאַפּט די טיר מיט אַ נאָגל, און דערמלט איז שוין אַלץ געווען פאַרלוירן. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז געשען אַזוינס, וואָס האָט געמאַכט די קינדער אינגאַנצן פאַר־

געסן אין דעם אוצר, וואָס זיי פּלעגן דורך די ווענטלעך זעען.

דאָס איז געשען אין אַ פֿאַרמיטאָג. דעם זעלביקן טאָג האָט אָן אויפֿהער געדרעגנט. שוואַרצע, געשוואָלענע וואָלקנדלעך האָבן זיך געזעצט איבערן געטאָ. די מאַמע איז עפּעס געווען פֿאַרטאָן אין ווינקל, ווי עס איז אַריינגעלאָפֿן אַ שכנה, און מיט אַ געוואַלד אַרויפֿגעפּאַלן אויף איר:

— גליקע, מ׳האָט שימעלען אופֿגעכאַפּט!...

די מאַמע איז געבליבן שטיין און מתחילת נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט. און אַז די שכנה האָט איר אָטעם דערציילט, אַז „ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן", אַז די ערשטע טראַנספּאָרטן יידן האָט מען שוין היינט געכאַפּט אין די געסלעך און אָנגעלאָדנט אין וואַגאָנעס — ערשט דעמלט האָט די מאַמע זיך אַ לאָז אַראָפּ געטאָן, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, און פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אין חלשות.

די בהלה האָט זיך טאַקע איצט אָנגעהויבן. אויפֿן הייפֿל האָבן געפּעלט איבער אַ העלפֿט מאַנסלייט, וואָס זיינען גראָד געווען אין גאַס. דאָס איז נאָר געווען דער אָנהייב ערשט צו גרויסע, שוואַרצע טעג, וואָס האָבן געדאַרפֿט קומען איבערן געטאָ.

דעם זעלביקן אָוונט איז די מאַמע גליקע געגאַנגען דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַ נאַסער פֿאַטשיילע. דאָס פֿענצטער פֿאַרהאָנגען מיט אַ שוואַרצער פֿאַרטונקעלונג האָט אויסגעזען, ווי אַ פֿאַרדעקטער שפּיגל נאָך אַ מת, וואָס ליגט אין שטוב. דעם טאַטנס טלית און תפֿילין זיינען פֿאַרשעמט געהאָנגען אין ווינקל. ווער דאַרף זיי שוין איצט? ווער וועט די רציעות אַרומוויקלען אויף די הענט? די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג מיט געשוואָלענע אויגן פֿון וויינען. נאָך איר האָבן זיך נאָכגעשלעפּט די קינדער. זיי זיינען געווען ווילד הונגעריק. פּלוצים האָט די מאַמע זיך אין עפּעס דערמאָנט. עפּעס האָט אָנגעקוואָלן אין אירע געשוואָלענע אויגן. זי האָט פֿון אַ ווינקל אַרויסגענומען אַ גאַנץ ברויט און אַוועקגעלייגט עס אויפֿן טיש. איבער דער שטוב איז פֿון ברויט געוואָרן ליכטיק, ווי אַ זון וואָלט אויפֿגעגאַנגען. זי האָט דאָס טונקעלע מעסער פֿאַמעלעך אַריינגעשטאָכן אינעם האַרטלעכן לייב פֿון ברויט

און, אַראָפּשלינגענדיק פּרישע, געזאַלצענע טרערן, וואָס זיינען איד גערונען איבער די באַקן, האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן צו די קינדער:

— עסט קינדערלעך, עסט. ס'איז דעם טאַטנס ברויט. דעם טאַטנס גאַנצע ברויט...

און דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ סך, אַ סך חדשים, האָבן זיך די קינדער פריידיק אָנגעזעטיקט און אויך די מאַמע גליקע. דעם שלאָף, וואָס זיי האָבן די נאַכט געשלאָפן, איז געווען אַ רויקער און אַ זאַטער און נאָר אומעלען איז דער טאַטע שימעלע געקומען צו חלום, און ער האָט אים געזען דאַוענען איבער אַ גרויס, דיק ספר.

---

# בליעכץ

דאָס ערשטע מאָל, אַז מענדעלע איז אַרויפגעקראָכן אויפן דעכל פון קליינעם הילצערנעם הייזל און אַרומגעקוקט זיך איבערן גאַנצן הייפל, האָט ער מער נישט געזען ווי דעם צעלייגטן קוימען, וואָס איז געבליבן נאָך אַן איינגעלייגט הויז, און אַ קופּע שטיינער און ציגל אָנגעוואָרפענע פון אַנדערע הייף. אַרום און אַרום האָט מען געזען אַ סך הייף, וואָס זיינען געשטאַנען אָפענע, אָן פאַרצוימונגען און אָן פּלויטן. אַלע הייף אין געטאָ זיינען געוואָרן איין גרויסער אָפענער שטח. צווישן די אַנטשטאַנענע גריבער, צווישן אָנגעוואָרפן שטוב-גלאָזוואַרג און אַלט אייזנוואַרג פלעגט מענדעלע תמיד זוכן, בעת די מאַמע גייט אַוועק צו דער אַרבעט. און איצט, שטייענדיק אויבן אויפן דעכל, זיינען אים די אָנגעוואָרפענע קופּעס שטיינער און אַלטוואַרג אויסגעקומען עפּעס אַזעלכע ווייטע און אומבאַקאַנטע. דערפאַר אָבער, אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַריבערגעקוקט ווייט איבערן פּלויט, ווו עס איז שוין נישט דאָס געטאָ, — טאַקע איבער דער דראָטענער פאַרצוימונג, וואָס לויפט גראָד אַדורך נעבן זייער הייזל — איז ער מיט אויפגעפּראַלטע אויגן שטיין געבליבן, געהאַלטן איין פינגער אין מויל און בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז ער, מענדעלע, זאָל פון דעם אַלעם גאָרנישט האָבן געוווסט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגער און, מאַכנדיק אַ דעכל פון דער האַנט-פלאַך ביי די אויגן פאַר דער זון, כדי ער זאָל זיך קאָנען גוט איינקוקן, האָט ער זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

ער האָט געקוקט און געגאפט, שאַרף אָנגעשטרענגט די ראיה, ביז די זייער קליינע אייגעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרציען מיט אַ מין פייכטקייט. ער איז אַזוי געשטאַנען ביז פון דאָרט, וווּ עס וווי־נען שוין נישט קיין יידן, האָט זיך אַ קוויטשיק קול ווי פון אַ פייפל אַהערגעריסן צו אים:

— איי־איי... יו־דע... יו־דע... איי־איי...

מענדעלע האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און קיינעם נישט געזען. ער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען דאָס קול קומט. ארום און אַרום איז נישט געווען צו זען קיין לעבעדיק נפש. אַלץ איז געווען אויף יענער זייט געטאָ ביי דער אַרבעט. קעגנאיבער אין פרעמדן, נישט יידישן הייפל איז געשטאַנען אַ שיטער גערטנדל, וווּ עס האָבן נאָר וואָס אָנגעהויבן בליען עטלעכע ביימ־לעך. אַ פּאָר פון זיי, גאָר יינגעטשקע, זיינען אינגאַנצן געווען אָנ־געטאָן אין ווייסע העמדלעך פון אויפגייענדיקן בליעכץ. זיבט עט־לעכע טעג ווי די ביימלעך קעגנאיבער, דאָרט וווּ עס וווינען נישט קיין יידן, האָבן זיך צעבליט און אַלע צווייגן זיינע באַשיט ווי מיט שניי. דאָס זיינען געווען קאַרשן־ביימער, וואָס האָבן איצט אָנגע־הויבן בליען. מענדעלע האָט נישט געקאָנט אָנזעטיקן דאָס אויג. אַזאַ שיינעם גאָרטן האָט ער אין לעבן נישט געזען. אומעטום, וווּ דאָס אויג איז נאָר געפאַלן, איז געווען ווייס און גרין, גרין און ווייס. די ערד איז געווען רויק און איבערגעדעקט מיט יונגע, אָקאָרשט. ארויסשפּראָצנדיקע גרעזעלעך, די ביימער — זילבער־ווייס און וווּ נישט וווּ ראָזיק־רויטלעך, ווי עס וואָלטן זיך דאָרט געצונדן רויטע פייערלעך. ער קאָן זיך נישט דערמאָנען, מענדעלע, ווען און וווּ ער האָט, דוכט זיך, אַזוינס שוין געזען. נאָר דאָס האָט געמוזט זיין שוין זייער, זייער לאַנג צוריק, נאָך פאַר דער מלחמה און נאָך פאַרן קומען אין געטאָ. דאָס האָט געמוזט זיין אין פעטער מעכלס סאָד, נאָך איידער די דייטשן האָבן דעם טאַטן צוגענומען. אוי, דער טאַטע, דער טאַטע... זיי האָבן אים צוגענומען איבערפרי, אינמיטן דאַווענען, אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אין טלית און תפילין. ער דערמאָנט זיך אָט איצט, אַז ביים פעטער מעכל אין

סאַד זייַנען אויך געשטאַנען אַזעלכע ביימלעך, נאָר אַ סך העכערע, מיט ברייטע, רונדיקע שטאַמען. דאָרט זייַנען געווען עפּל־ביימער און פֿלוימען ביימער און אַ גרויסער בוים מיט קליינע גרינע באַרעלעך, אַפֿילו אַגרעס זייַנען דאָרט געווען און געוואַקסן אויף אַזעלכע שטעכיקע קשאַקעס. וואָס איז אַלץ בײַם פֿעטער מעכל אין סאַד נישט געווען!

אויף אַלע געטאָ־הייף, זייַנען קיין ביימלעך נישטאָ. ביי איין הייזל שטייט עפּעס יאָ אַ דאַר, איינגעבויגן ביימל, גרינט עס נישט, נאָר עס סטערטשעט קעגן הימל ווי אַ בעזעם. פֿאַראַיאָרן ווינטער זייַנען אַלע ביימער איז געטאָ געוואָרן אָפּגעזעגט און דערנאָך לאַנג געלעגן אויסגעצויגן איבערן געסל ווי די מתים. דאָס האָלץ פֿון די ביימער גייט פֿאַר די קיכן — האָט די מאַמע געזאָגט — נישטאָ מיט וואָס צו הייצן. אַזאַ אָפּגעזעגטער בוים, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פֿון זייער טיר האָט אַפֿילו, שוין ליגנדיק ווי אַ בר־מינן, אָנגעהויבן אַרויסלאָזן פֿון זיך גרינע בלעטעלעך. אויף די יידישע הייף זעט מען נישט קיין פּיצל גרינס, נאָר קעגנאיבער איבערן צוים — בליט איצט. אַ יום־טוב פֿון גרינס און בליעכץ. אַ קליין גערטנדל, נאָר אומעטום איז גרין. גראָז טוליעט זיך צו דער ערד און די ביימער אַליין שטייען אויסגעפּוצטע ווי צו אַ חופּה. אַ ריח פֿון זיסע גרעזעלעך הענגט אין דער לופֿט, צעשפּרייט עפּעס אַזאַ זיסן כּישוף. און ווידער הערט מענדעלע ווי אַ קול פֿון דאָרט שרייט אַהערצו:

— איי־איי... י־ו־ד־ע...

מענדעלע שטייט און קוקט, שטייט און קוקט און זעט קיינעם נישט. אין געטאָ־הייפֿל איז קיינער נישטאָ. די מאַמע, די צוויי יונגען, וואָס וווינען דאָ אויפֿן הויף און שלעפּן די וועגעלעך מיסט, — אַלץ איז ביי דער אַרבעט. דאָס קול קאָן נאָר קומען פֿון קעגנאיבער, פֿון איבערן צוימל, וווּ די ביימער שטייען.

ווער קאָן דאָס שרייען אַהער צו אים? דאָס קול קומט אַוודאי פֿון אַ באַהעלטעניש. און מענדעלע דערזעט טאַקע פּלוצים ווי אויף איינעם פֿון די ביימלעך האָט זיך אַ צווייַג איינגעבויגן און פֿון אים,

אינגאַנצן באַדעקט מיט בליעכץ, קוקט אַרויס אַ פּנים. דאָס פּנים האַלט אָפן דאָס מויל און שטרעקט אַהערצו צו מענדעלען אַן אַרויסגעשטרעקטע צונג:

— יו-דע... יו־דע... בע־ע־ע...

אַז דאָרטן קעגנאיבער וווינען נישט קיין ייִדן, אַז דאָרטן וווי־נען מענטשן, וואָס טראָגן נישט די געלע לאַטעס אויף די מלבושים — פון דעם האָט מענדעלע שוין לאַנג געוווּסט. אַז דאָרטן וווינען זיי, די גוים, איך אַן אָפּענער וועלט נישט אָפּגעצוימט מיט דראָטן — פון דעם האָט די מאַמע נישט איינמאָל געלאָזט פאַלן אַ וואָרט. דאָרט איז אַלץ פאַראַן און מען קאָן גיין אויף וועלכער גאַס מען וויל נאָר. פון דאָרט הערט מען טיילמאָל אַ האַרמאָשקע שפּילן פון אַן אָפן פענצטער, מענטשיש געלעכטער און טיילמאָל אויך אַ קאַ־טערינקע. נישט איינמאָל געשעט, אַז ווען ער ליגט ביינאַכט אויפן שטרויזאַק אין ווינקל און ער קאָן נישט איינשלאָפן פון הונגער, פאַרנעמט ער ווי פון יענער זייט שווימען אַהער אַזעלכע שטילע נגונים, ווי אַ פידל וואָלט געוויינט פון דער נאַכט אַרויס. טיילמאָל געשעט, אַז פון קעגנאיבער פליען אַהער דאָ די טויבן און שטעלן זיך אויפן דעכל, טויבן גרין־ווייסע און שוואַרץ־סאַמעטענע. אַנו־מלט איז אַזאַ טויב שיער נישט אריין צו זיי אין שטוב. אַ צווייט מאָל איז דאָ אַהער אויפן דעכל איבער דער פאַרצוימונג פאַר־קראָכן אַ קאַץ און אָפּגעלעגן אַ פּאָר טעג נעבן קוימען. די קאַץ האָט גאַנצע נעכט אַזוי שטאַרק געוויינט, ווי להבדיל אַ קליין קינד, און די מאַמע האָט זי דעמלט געשאָלטן מיט די ביטערסטע קללות, וואָס זי לאָזט נישט צומאַכן קיין אויג נאָך אַ גאַנצן טאָג שווערע האָרעוואַניע. נאָר מענדעלען איז די קאַץ דעמלט געוואָרן זייער זייער היימיש. ביי טאָג האָט ער זיך געשטעלט אונטן ביים דעכל און אַרויפגעוואָרפן צו איר אַ קליין באַלעמל מיט פּאָדעם. די מאַמע איז איינמאָל אַרויסגעלאָפן פון שטוב און זיך צעשריגן ווי נישט מיט איר קול:

— יונגאַטש, רוצח!... מער פעלט דיר נישט ווי שפּילן זיך מיט גוישע קעץ?

נאָר מענדעלען איז דעמלט אויסגעקומען, ווי די דאָזיקע קאַץ איז גאָר קיין קאַץ נישט, נאָר עפּעס אַ פאַרוואָגלטע נשמה פון אַ ייד, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט אויף ד ע ר וועלט.

אָט דאָס אַלץ דערמאָנט זיך מענדעלע אין איין רגע איצט, קוקנדיק אַהין קעגנאיבער, ווו אויפן צעבליטן ביימל באַוועגט זיך אַ פּנים מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער צונג. ער נעמט אַרויס פון טאַש אַ שטיקל גלאָז פון אַ צעבראָכן שפּיגעלע און כאַפּט אויף דער מיט די זון, זי זאָל אַהינוואַרפן דאָרט פייגעלעך, זון־פייגעלעך. ער האָט ליב אַרויסצוואַרפן זון־פייגעלעך איבער די איינגעפאַלענע, אָפּגע־שטאָרבענע געטאָ־פענצטער. פון מענדעלעס האַנט, פונם צעבראָ־כענעם שטיקל גלאָז, פליט איצט אַרויס אַ זילבערנער פאַס ליכט און בלייבט הענגען אויפן פּנים פון יענעם אויפן ביימל. יענער זשמורעט איצט די אויגן, ער קאָן נישט פאַרנעמען די זון־שטראַלן, לאָזט ער זיך אַראָפּ פון בוים און בלייבט שטיין אַ באָרוועסער אויף דער ערד. ער לויפט צו צום פּלויטל, דראַפּעט זיך אַרויף אויף אַ ברעט און שוין זיצן דיביידע איינער קעגן דעם צווייטן: מענדעלע — אויפן דעכל, יענער — אויפן פּלויט אויף יענער זייט. צווישן זיי לויפט אַ דראָטענער צוים און אַ ברוקירט שמאָל געסל. ערגעצ־ווייט ביים סוף געסל זעט מען די שוואַרץ־רויטע בודקע פון דער דייטשער וואַך.

ביידע קינדער זיצן איינער קעגן צווייטן און קוקן זיך איבער מיט שווייגנדיקע בליקן. צום ערשטן מאָל זעען זיי זיך אַזוי באָענט. זיי רײדן נישט אַרויס איינער צום צווייטן קיין וואָרט. מענדעלע שרעקט זיך, די מאַמע זאָל נישט אַמאָל אינצווישן אָנקומען און אים מכבד זיין מיט קלעפּ. נאָר — אַ צוויגל מיט אַביסל בליעכץ וואָלט ער אַזוי שטאַרק וועלן האָבן... אַ קליין צוויגעלע... ער וועט עס איינפלאַנצן אויפן הויף נעבן קעמערל, און אויף שבועות־צייט וועט עס אוודאי אַרויסלאָזן פון זיך נאָך אַ צוויגל. נאָר ווי אַזוי זאָגט מען דאָס אים אויף גויִיש לשון? ער מאַכט מיט די הענט און ווײַזט אויף די ביימלעך, וואָס שטייען קעגנאיבער אינם פרעמדן גאָרטן.

— ווילסטו? — רופט צו אים יענער פון קעגנאיבער און

מיט די פינגער ווייזט ער אויף די צעבליטעביימלעך.

— יאָ, יאָ... כ'וויל... אַ צווייגל, אַ גרינס... — שאָקלט מענדעלע מיטן קאָפּ — אַ קליינס, אַ פּיצעלע, אַ קליין פּיצעלע...

מיט איין שפּרונג איז יענער אַראָפּ פון פּלויט און געלאָזט זיך לויפן צו די ביימלעך. מענדעלען האָט אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו קלאַפּן דאָס האַרץ. עס האָט אים אַזש פאַרקלעמט פון דערוואַרטונג. עס זאָל נאָר נישט דערווייל עפּעס געשען אויסטערלישעס. ער האָט געקוקט און געזען ווי יענער שטייט שוין נאָענט ביים ביימל און בויגט אַראָפּ אַ ווייסע, לאַנגע צווייג.

אין דער רגע האָט מענדעלען עמעץ אָנגעכאַפּט פון אונטן. עס האָט אים אַזש פאַרפעלט אָטעם.

די מאַמע שטייט און רייסט זיך די האָר פון קאָפּ:

— געוואַלד, אַראָפּ פון דעכל... וועסט ברעכן אַן אומגליק אויף אַלע יידן, גזלן...

מענדעלע ווייסט נישט ווי אזוי מען קריכט דאָס איצט אַראָפּ פון דעכל. ער מוז אַריינפאַלן אין דער מאַמעס הענט, וואָס וועלן אים אַוודאי ממיתן.

מיט איין פוס האָט ער זיך פאַוואָליע אַראָפּגעלאָזט, און אַראָפּשפּרינגענדיק, זיך צעריסן אַ שטיק ערמל. די מאַמע האָט אים אונטערגעכאַפּט און מיטביידע הענט גענומען רייסן שטיקער פון זיין דאַרן פּנים:

— אַז נישט אויפּוואַקסן זאָלסטו, גזלן איינער... נישט ווייניק מיר צו זיין אַ פּינצטערע אלמנה... דאַרף איך נאָך האָדעווען אַ גזלן, אַ רוצח...

זי האָט אים געשלעפּט אין שטוב אַריין. און פון אינעווייניק דורכן קליינעם גראָען פענצטערל האָט מען לאַנג געהערט מענדעלעס כליפּען.

---

נישט אַזוי שנעל איז מענדעלע די זעלביקע נאַכט איינגעשלאָפן. דער מאַמעס קלעפּ האָבן אים געבריט איבערן לייב און

איבערן פנים. און אַז ער איז איינגעשלאָפן האָט זיך אים געחלומט אַ ווייסער חלום: ער גייט צוזאַמען מיט דער מאַמען אין פעטער מעכלס סאָד. עס איז שוין שפּעט זומער. דיביימער שטייען אָנגעהאָנגען מיט צייטיקע פּירות. גרויסע פלוימען ווי די פויסטן לייכטן מיט זייער טוי אויף די צווייגן, עפּל און באַרנעס ליגן צעוואָרפן איבערן הויכן גראָז. דער פעטער מעכל, אַ הויכער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, הייסט אים אַרויפקלעטערן אויף אַ בוים און רייסן קאַרשן. קוים, קוים וואָס ער, מענדעלע, דראַפּעט זיך אַרויף אויף אים און בלייבט זיצן אויף אַ צווייג, וואָס איז באַלייגט מיט בלוטיקרויטע און ווייס-געלע קאַרשן. ער הייבט זיי אָן רייסן און אַראָפּוואַרפן אין אַ געפלאָכטן קויבערל... איצט רייסט מענדעלע פאַר זיך און לייגט אין מויל אַריין. זיי זייַנען זיסלעך-ווייניק און דער זאַפט רינט אים איבער די ליפּן. ער זיצט אַזוי איינגעהילט צווישן די צווייגן פון קאַרשן-בוים, אַז מען זעט אים קוים אַרויס. די מאַמע שטייט אונטן, קוקט צו אים אַרויף אַ צעשמייכלטע און נעבן איר דער פעטער מעכל. זיי האַלטן אונטן אין איין אויסליידיקן די קיישלעך, וואָס ווערן עפּעס אַזוי גיך אָנגעפולט. מענדעלע האָט שוין אָפּגעליידיקט כמעט אַ האַלבן בוים און, בעת ער וויל זיך אויסדרייען און אַריבערגיין אויף אַן אַנדער צווייג, דערזעט ער פּלוצים, נישט ווייט פון זיך, זיצן אויף אַ צווייג אַ צווייט ייִנגל, וואָס רייסט אויך קאַרשן...

ער קאָן זיך נישט דערמאָנען פון וואַנען ער קען דאָס פּנים פון דאָזיקן ייִנגל. ער ווייסט, אַז ער האָט שוין ערגעצוווּ געזען די דאָזיקע אויגן. יענער בייגט זיך צו אים אַריבער און פליסטערט מיט אַ שטיל קול, אַז דער פעטער מעכל מיט דער מאַמען אונטן זאָלן נישט דערהערן:

— ווי-י-ל-ס-ט?...

— כ'וויל, כ'וויל, — צעשאָקלט זיך מענדעלע אויף דער צווייג, וואָס האַלט נישט אויס די משא זייַנע, און ער פילט ווי אָט-אָט וועט זי זיך איבערברעכן, און ער, מענדעלע, וועט אַראָפּפאַלן מיט אונטן אַראָפּ. און אָט פילט ער טאַקע בחוש ווי ער פאַלט אַראָפּ.

ער פאַלט אַראָפּ אַ פאַרשאָטענער אײַנגעאָנצן מיט קאַרשן, מיט בלע־טער, מיט צווייגן. ער זינקט אַראָפּ טיף, טיף ווי אין אַ הוילן, לײַ־דיקן ברונעם אַראָפּ. — — —

---

אַז מענדעלע האָט געעפֿנט די אויגן איז נאָך געווען טריב־טונקל אין דער שטוב. דורך אַ שפּאַרע האָט זיך אַרײַנגעזיפּט אַ קאָרג ביסל הונגעריק ליכט פֿון אַ זייער טרויעריקער זון. די זון אין געטאָ איז תמיד אַ טרויעריקע. די מאַמע איז געשטאַנען איבער זײַן געלעגער און אָן אויפֿהער געשריגן:

— אוודאי, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט טריפֿהנע קעץ און מיט שקצים, איז דען אַ וווּנדער וואָס ער בלעקעצט פֿון שלאָף... אַלע בייזע און וויסטע חלומות זאָלן אויסגיין צו אונזערע שונאימס קעפּ, רבונו של עולם...

מענדעלע האָט נישט געקאָנט אויפֿרייסן די אויגן. דעם פֿע־טער מעכּלס סאָד איז נאָך געלעגן אַ צעבליטער אין זײַן שלאָף. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס די מאַמע שילט אַזוי באַלד פֿון פֿאַרטאָג אָן. איבערן געלעגער האָט זיך וואָס אַמאָל מער אַראָפּ־געלאָזט, ווי אַ סטאַדע זילבערנע זומערפֿייגעלעך, אַ צעברעקלטע זון פֿון דרויסן. מענדעלע האָט אַלץ נישט געקאָנט אויפֿרייסן די אויגן. איבער זײַן פּנים איז לאַנג געהאַנגען אַ קילע לופֿט, ווי אַ זיסער, שיטערער נעפּל, וואָס הייבט זיך אויף פֿאַרטאָג אויף אַ צעבליטער לאָנקע.

1944

---

# איבערגעלעבט

הערש לייב, שוין אַ זעכציקער, איז געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל און אין דער שטוב האָט זיך אַרומגעדרייט די יידענע זיינע, ציפּע, אַ נידעריקע, אַן איינגעפאַלענע, מיט אַ פּאָר גרינע אויגן, וואָס האָבן געהאַט שוואַרץ־בלאָלעכע ראַנדן פון הונגער ביז צו דער נאָז צו. זי האָט זיך געבויגן איבער אַ שיסל און דאָ״ט עפּעס געריבן מיט אַ באַרשט. זי האָט יעדע רגע אַ קרעכץ געטאָן און אויסדריי־ענדיק דעם קאָפּ צום בעטל, ווו הערש לייב איז געלעגן אַ חולה מסוכן, האָט זי אַ וואָרף געטאָן דורך די ציין:

— ס'עט זיין גענוג. מאַרציפּאַנעס וועלן דערפון סיי־ווי נישט אַרויסקומען... די יידענע האָט זיך אויסגעגליכן, אַרויסגענומען פון דער שיסל מיט ביידע הענט די „מאַרציפּאַנעס" — די געוואַשענע קאַרטאָפל־שאָלן — און זיי נאָכאַמאָל אויסגעקוועטשט צווישן די דאַרע פינגער. פון אירע הענט איז איצט געראָנען אַ שוואַרצע פליסיקייט, וואָס האָט געהאַט אַ זויערלעכן ריח. אַן איבלדיקע פוילע־ניש ווי פון אַ טויטן, וואָס ליגט צו לאַנג אין שטוב, האָט זיך צע־שאַרט אין דער לופט.

ס'האָט גראָד גענומען דעמערן אויף נאַכט. די נעכט אין געטאָ זיינען אַנדערע ווי אינדרויסן, דאָרטן איבער די דראָטן. ווי שוואַרצע פייגל, וואָס טראָגן הינטער זייערע פליגל אימהדיקע בשורות, גיבן זיי זיך אַ לאָז אַראָפּ פּלוצים איבער די הילצערנע דעכער און בלייבן הענגען איבער די פענצטער. מען זעט נישט אַפילו די זון ווען זי גייט אונטער, ווי ס'לעשט זיך ביסלעכווייז אויס דער הימל.

דער טאָג ווערט נעלם הינטער די דראָטענע צוימען, און אין געטאָ וואַרפט זיך אריין די נאַכט מיט אַ שווארצן מלאך־המות־מאַנטל בהלהדיק און בייז. דעמלט איז דער געטאָ־שטח — די ערד, די געס־לעך, די איינגעפאלענע הייזלעך — איין שטיק פינצטערניש, אַזוי ווי דער הימל, וואָס הענגט דאָ.

אין די ווינקלען נעבן הערש לייבן איז שוין איצט געלעגן די נאַכט.

פון דער פינצטערניש האָט ער קוים אַ דעכע געטאָן:

— ציפּע, אַרויסגעוואָרפענע מי... ס'עט גאָרנישט העלפן... כ'גיי טיי ווי אין די ברעטער...

אויף זיין „כ'גיי סיירוי אין די ברעטער”, וואָס האָט געמיינט: כ'שטאַרב סייוויי אַוועק, האָט זי גאָרנישט נישט געענטפערט. פון זיינע ווערטער איז געבליבן הענגען אונטערן בעלעק אַ קילקייט ווי פון אַ טהרה־שטיבל, אַ שאַרך פון ווייסע לייוונטענע העמדער, וואָס מען צערייסט אויף תכריכים.

ציפּע האָט דערוויל אַרויפגעשטעלט דאָס טעפּל מיט די קאַר־טאָפל־שאָלן אויפן פייער. דאָס טרוקענע האָלץ פונם צעהאַקטן שענקל האָט אַ פלאַקער געטאָן, ווי עס וואָלט געווען באַגאָסן מיט בענזין. דאָס זיינען געווען די לעצטע רעשטלעך פונעם שבת־שענקל, וואָס איז אַוועק אויפן פייער. אַז ציפּע האָט עס צעהאַקט אויף האָלץ, איז איר דאָס האַרץ געווען פול מיט געוויין: ווי אַזוי צעהאַקט מען דאָס אויף שפּענער דאָס שענקל מיט די שמאָלע טירעלעך, די גע־שניצטע און געבויגענע, וואו פון הינטער זיי האָבן אַזוי־פיל יאָרן אַפּוירגעלויכטן די צוויי שבת־לייכטער? איצט ליגן זיי, די צוויי מע־שענע לייכטער, ערגעץ צוזאַמענגעוואָרפן מיט אַלטע טראַנטעס אין ווינקל, און ציפּע ברענט די לעצטע דרענגלעך אויף אָפּצוקאָכן אַ ביסל קאַרטאָפל־שאָלן. אַנומלט וואָלט זי זיך געלאָזט אָפּהאַקן די האַנט איידער פאַרברענען דאָס שענקל. נאָר היינט — אַז אַך און ווי איז צו איר... זינט די ביידע קינדער זיינען אָפּגעשטאָרבן איז פון איר געבליבן אַ פּערטל. און ווער דען, אַז נישט ציפּע, וואָס קריכט אַרום אויף אַלע פיר איבער די מיסטקאַסטנס אין געטאָ, כדי אויפ־

צוזוכן אַ ביסל פּאַרפּוילט קאַרטאָפל־אָפּפאַל פאַר הערש לייבן, — טראָגט איצט דעם גאַנצן יאָך אויף זיך? מיט אירע דאַרע, געלע הענט פון אַ מת דראַפּעט זי איבעם עיפּוש פון די מיסטקאַסטנס. עס נישטערן אויך צוזאַמען מיט ציפּען ווייסטע וואַנעס אין די מיסטן, דרייסטע און פעטע, מיט וועלכע ס'איז פול דאָס גאַנצע געטאָ. מיט אַ בייז בהלהדיק קראַקען איז אָנגעפילט די לופט אין די געטאָ־געס־לעך. טשאַטעסווייז טראָגן זיי זיך איבער די דעכער און זעלטן ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ איבער די דראָטן, אויף יענער זייט. די טרויער־און טויט־פייגל פון די יידישע געטאָס זייגען עס ד'י וואָנעס, וואָס ציען אַהער פון די נאָענטע, ליידיקע פעלדער.

זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי הערש לייבן דאָס בייזע גע־שווילעכץ האָט ציפּע שוין נישט קיין רו. זי האָט גוט געקענט דעם סוד פון די אָנגעשוואָלענע בערגעלעך אויפן מענטשלעכן לייב. זיי־נען דאָך אירע ביידע קינדער אויסגעגאַנגען פונעם וואַסער, וואָס האָט זיי צוגעשלאָגן צום האַרץ. און איצט ווייס זי שוין אַלץ. עס קען נאָך אַפילו דויערן ביי הערש לייבן גענוג לאַנג ביז ס'וועט זיין — באו מים עד נפש, ביז דאָס וואַסער וועט צוקומען צו זיין האַרץ. ציפּע האָט זיך גוט געקענט דערויף: זי האָט געקענט די פיס די געשוואָלענע, וואָס זיינען אונטן ביי די קנעכלעך גלייך, מען זעט נישט אַרויס קיין גליד, און אַ גלאַנציקע ווייסקייט ציט זיך איבערן פלייש, ווי די הויט זאָל זיין באַשמירט מיט פעטס. דאָס געשווילעכץ נעמט זיך העכער איבער די קני, קריכט איבער די ליטקעס, גייט אַריבער אויף די אונטערשטע ראַנדן פון בויך און אַז ס'דערגייט ביז צום נאָפּל, איז מען שוין אויפן האַלבן וועג אַהין... אוודאי, ביי הערש לייבן האַלט עס קוים ביי די ליטקעס: זיי זיינען איינגעפאַלן, געל און ווייך. אַז מען לאָזט אַריין דעם פינגער, — בלייבט שטיק אַ טיף גריבל. ס'פלייש איז וואַסערדיק און שלאַבעריק. און די שאָלן, וואָס ציפּע קאָכט אים איז הויל וואַסער. טאָ ווי לאַנג, משטיינסגע־זאָגט, קאָן ער נאָך אָנציען מיט אזא פּלעגע?

הערש לייב אַליין וואָלט שוין שלום געמאַכט מיט דער מחשבה, אַ פּאָלק גייט אין די ברעטער אַריין, מוז ער, דווקא הערש לייב,

איבערהאַלטן? ער אײנער פון אַזוי פיל? איז פאַרפאַלן. געלעבט און געשטאָרבן. נאָר ס׳פאַרדריסט אים, ווי אַזוי מען באַגײט זיך דאָ מיט אַ בר־מנן. עפּעס גיט מען אים שנעל אַ כאַפּ צו, אַ טראָסקע אַרויף אויבן אויפן דאַך פון דער עגלה צוזאַמען מיט אַנדערע טויטע ווײבער און קינדער, נאַקעטע, געשוואָלענע, וואַרפן זיך אויפן וואָגן, וואָס לויפט איבערן געטאָ און — הײדאַ! אָן תכריכים, אָן ייִדישקייט ווערן זײ, להבדיל ווי די הינט, אַרײַנגעוואָרפן אין דער ערד... דאָס טוט אים ווײ, הערש לײבן. אַזוינס גייט אים נישט אין קאָפּ אַרײַן, ער וואָלט אַזוי וועלן אָפּשטאַרבן ווי אַ ייִד, אַזוי ווי דער טאַטע זײַנער, אָדער דער זיידע: מיט ליכט צוקאָפּנס, מיט ייִדישקייט, מיט טהרה און תכריכים...

און פאַרוואָס-זשע שטאַרבן גראָד איצט, ווען מען זאָגט, אַז אָט, אָט — נאָר אויסצוקוקן די שעה פון אויסלייזונג? מען זאָגט, אַז דער דייטש לויפט שוין אין בהלה פון יענער זייט ווייסל, און אויב ס׳איז טאַקע אַזוי — טאָ ווי נעמט דאָס איצט אַ מענטש און שטאַרבט אַוועק? ניין, ס׳איז אוממעגלעך. וואָס-זשע האָט ער אַזוי געזינדיקט, אַז ער זאָל אין די לעצטע מינוטן פאַרן סוף פון אַלע צרות אויס־הויכן די נשמה? אָ, גאָט — פליסטערט עס אין אים ווי אַ תפילה — גיב מיר כוחות אויסצוהאַלטן, גיב מיר קראַפט איבערצוהאַלטן, שליידער מיך נישט אַוועק פונעם ברעג, וואָס כ׳זע שוין... איך טרינק זיך, אָ, גאָט, אינעם ים און כ׳שטרעק צו דיר אויס מיין האַנט... פאַרשטויס מיך נישט, פיר מיך אַרויס אויפן ברעג...

און הערש לײב, אַ צוזאַמענגעקנוילטער אויפן בעטל אין דער פינצטערניש, לייגט צונויף זײַנע אָנגעלאָפענע, וואַסערדיקע הענט אויפן האַרץ און טוט תפילה. ער טוט תפילה אַזוי ווי אַמאָל אין די יאָרן פון ייִדישקייט, בעת ער איז געשטאַנען אין קלויז פאַרן פאַר־מאַכטן אָרון־קודש און געכליפּעט פאַרן רבונו-של-עולם... און ער דריקט שוין נישט מיט די הענט דאָס האַרץ זײַנס, נאָר דאָס זײַ־דענע פרוכת, וואָס איז ווייך און גלאַט. זײַן פנים גליט פון די טרערן, וואָס פאַלן איבער דער באָרד, און ער באַהאַלט דעם קאָפּ צווישן די פאַלדן פון פרוכת. זײַנע ליפּן זײַנען הייס און אָנגעצונדן.

נײַע כּחות פֿליסן אים אַרײַן אין די אָדערן, און ער פֿילט שוין בחוש, אַז זײַנע טרערן זײַנען אָנגענומען געוואָרן. אים ווערט אַזוי לײַכט, און דאָס האַרץ אַרומגערינגלט מיט וואַסער פֿונם געשוויי־לעכץ, זינגט אין אים אַ געזאַנג פֿון פֿרייד און אויסלייזונג. ער דרייט זיך שוין אַרום צווישן ווײַס־געדעקטע טישן. הונדערטער ייִדן שאָקלען זיך מיט שׂמחה מיט זייערע שוואַרצע בערד. איבער די ווײַסע טישן פֿינקלען פֿלעשער ווײַן מיט הויכע לאַנגע העלזער און זעען אויס ווי פֿייגל וואָלטן זיך אַוועקגעזעצט איבער די טישן. אַ האַנט־פּאַטשערײַ פֿון ייִדן און אַ האָפּקען איבערן דיל. נאָר יחידי סגולה האָבן איבערגעלעבט, איבערגעשווומען דעם גרויסן ים פֿון ייִדישע צרות און טאַקע ער, הערש לייב, איז צווישן זיי... נאָר וווּ איז ציפּע? פֿון אַ רעדל ייִדן שיילט זיך אויס אַ הויכע ווײַבערשע געשטאַלט, די האַנט פֿאַרלייגט אויף דער ברוסט, ווי איר טבע איז, אָנגעטאָן אין אַ זײַדן קלייד, און זי גייט גלײַך אויף אים. אירע אויגן זײַנען גרויסע און לויכטן פֿון שׂמחה. זיי נעמען זיך ביידע איצט אַרום און די פֿיס הייבן זיך צום טאַנץ. ס'איז אַפֿילו נישט פּאַר זיי־ערע יאָרן איצט צו טאַנצן, נאָר, אַז מ'האָט שוין יאָ דערלעבט דעם סוף — פֿאַרוואָס־זשע נישט טאַנצן? אַז אַלץ טאַנצט דאָ: דער הויף, די גאַס, די הײַזער אַרום, אַ שטאָט ייִדן האָט זיך צונויפֿגענומען און טאַנצט. די פּאָדלאָגעס טרעשטשען אונטער די פֿיס, קאַפּאָטעס און זשופּיצעס פֿליען ווי די פֿליגל. אַפֿילו קלעזמאָרים בלײַבן נישט הינטערשטעליק: פֿידעלעך, פּייקעלעך און קלאַרנעטן. אָט ווײַנט אַ פֿלייטל אַזוי זיס ווי אַ קאַנאַריקל, צוויי פֿידעלעך הייבן הויך אויף די בשׂורה און זאָגן אָן דער וועלט: טרײַ־רײַ־רי, אין אַ מזלדיקער שעה, איבערגעלעבט, אין אַ מזלדיקער שעה, אין אַ מזלדיקער שעה!... טרײַ־רײַ־רי — — —

ציפּע איז צוגעגאַנגען צום בעטל מיטן אויפֿגעקאָכטן ביסל שאָלן. זי האָט אים אַ צי געטאָן בײַ ביידע פֿאַרלייגטע הענט, וואָס זײַנען אים נאָך געלעגן אויפֿן האַרץ. די הענט זײַנען אים צוריקגע־פֿאַלן ווי שטיקער האָלץ. ער האָט געעפֿנט די אויגן. זיי זײַנען שוין געבליבן אַזוי אָפֿענע קלעפּן אין דער פֿינצטערניש.

זיינע קאַלט־געוואָרענע ליפּן האָבן עפּעס שטיל צו זיך גע־פליסטערט. ציפּע האָט זיך איבער אים אַריבערגעבויגן.

— אי־בער־גע־לעבט, אי־בער־גע־לעבט — האָט אַ קילער אָטעם פון זיין קאַלט מויל זיך געזעצט אויף איר פּנים.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל און אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש:

— גע־וואַ־אַ־לט, הערש לייב, ווו לאָזטו מיך איבער...

דער קוויטש איז לאַנג געשטאַנען אין שטיבל, געהאָנגען אין דער פינצטערניש, ווי די שאַרף פון אַ חלף, וואָס שניידט זיך איין אין אַ מענטשלעכן האַלז.

---

# ווידן

איבער די גראָע פענצטער־שויבן רינט דער רעגן אַ שווערער, אַן אומעטיקער. איבערן הויף הענגט אַ וואַסער־נעפּל, און די ערד איז ווייך און פינצטער. איטשע־בער שטייט אָנגעלענט מיטן ברייטן פּנים און מיט דער באָרד אין דער שויב און קוקט אַראָפּ אין הויף אַריין. ס'איז בין מנחה־למעריב. ערגעץ קעגנאיבער איז געבליבן הענגען אַ שטיק שוואַרצלעכע רויטקייט, ווי אַ פאַרזעצט שטיק בלוט, פון דער זון, וואָס איז נישט לאַנג דאָ אונטערגעגאַנגען. איטשע בער איז נאָך פריער אויך געשטאַנען ביים פענצטער און געקוקט אויף די קעגנאיבערדיקע דעכער, וואָס האָבן אין זיך גע־שלונגען די טרויעריקע, לעצטע זון־פייערלעך. און איטשע בער, וואָס האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט תפילת־מנחה, האָט פאַרמאַכט דאָס לינקע אויג, דריקנדיק דעם שטערן צו דער שויב. איבערדריסן פלייצן דער רעגן שווער און קאַלט. פוילישער יעשיען ליגט איבערן געטאָ מיט שוואַרצע כמאַרעס, מיט צעפּיצלטע טונקעלע הימלען און אָן סופיקער גראָקייט. ערגעץ מחוץ דעם געטאָ מוזן אודאי די ביימער שוין שטיין נאַקעטע, און דאָס טויטע בלעטער־גאָלד וואַלגערט זיך איבער די וועגן. אָבער דאָ אויפן הויף, ווו איטשע־בער קוקט איצט אַראָפּ, איז דער פוילישער טרויעריקער יעשיען געקומען אזוי אלולדיק און זיך אַוועקגעלייגט אָן טויטע בלעטער, אָן פאַרוועלקט גראָז, נאָר נאַסער יעשיען־ווינט פּאַטשט דעם רעגן אָן אויפהער שוין אַ פּאָר טעג אין די שויבן פון די הילצערנע געטאָ־הייזלעך.

אין דער שטוב ביים קיכל, וואָס איז אינגאַנצן איינגעהילט אין

פינצטערניש, שטייט שרה-לאה, און פון דאָרט הערט מען אַ דין, שוואַך קנאַקן פון פייער. ס׳קאָכט זיך נאָכט־עסן, — אַ טונקעלע, שיטערע זופּ אָן קאַרטאָפל, אָן גריץ, אָן ירקות, נאָר עפּעס אַ געמיש פון וואַסער און אָפּפאַל פון קרויטבלעטער, וואָס איז געבליבן פון היינטיקן מיטאָג. דאָס ווייב איטשע בערס הערט נישט אויף צו זיפצן. מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויעם שטייט זי דאָ און שאָקלט מיטן קאָפּ. זי שאָקלט אָן אויפהער. פונם טאָפּ זעצט אַ זוי־ערלעכע פּאַרע, וואָס רייסט די אויגן.

— פאַר בהמות, כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, איז עס אויך נישט קיין עסן, טאַטע זיסער, — קלאָגט שרה לאה אין דער פינצטערניש, בעת איטשע־בער רוקט זיך פונם פענצטער אין דער שטוב אַריין.

— איז — וואָס מיינסטו, שרה לאה, מ׳עט עפּעס איבערבייסן?

— מאַכט זיך איטשע־בער נישט הערנדיק זיין ווייבס רייד און זעצט זיך צו צום טישל.

שרה־לאה ענטפערט נישט באַלד און ציט אַרויס פון אַ פּעקל, וואָס ליגט אויף אַ שטויס בעטגעוואַנט אין ווינקל, אַ ברייט טיש־טוך. פונעם צעלייגטן טישטוך האָט גענומען שלאָגן אַ ווייסקייט איבער דער שטוב, אַ קילע יום־טובדיקע ווייסקייט, ווי אַ לבנה וואָלט פּלוצים אויפגעגאַנגען אונטער דער סטעליע. ערשט נעכטן איז מען דאָך דאָ אַריינגעפאַלן, אַוועקגעלייגט דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע בעטגעוואַנט און קוים אָפּגעדעכעט. די צוויי ליידיקע חדרים־לעך האָבן מתחילת אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה, ווי יעדע שטוב דאָ, פון וואַנען עס זיינען אַקאָרשט אַנטלאָפן די מענטשן. נאָר אַצינד זיינען די חדרים גע־וואָרן עפּעס היימישער, ווארעמער, בעת אינדרויסן קלאַפּט איבערן הויף דער פינצטערער רעגן. דערווייל איז שוין אינדרויסן איינגאַנצן צוגעפאַלן די נאַכט, ווי אַ דעק איבער אַן אָפענעם קעלער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט איבערן פענצטער ווי אַ בייזער, שווארצלעכער פויגל, וואָס יאָגט אַריין בהלה און אימה. נאָך די ערשטע לעפל זופּ האָט איטשע־בער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אויפגעשפּיצט די אויערן. פונדרויסן, פון די שטיגן האָט

זיך אַהערגעטראָגן אַ פאַרדעכטיק געריש פון פיס. דאָס גאַנצע הייזל איז דאָך געשטאַנען אַ ליידיקס, אַ צענומענס, אַ צעטראָגנס פון די אָפּטרעטנדיקע מענטשן, און נאָר די צוויי חדרימלעך זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. די שטיבלעך אונטן, אין פּאַרטער, זיינען געשטאַנען אָפֿענע און צעריסענע. די אָפֿענע פענצטער־לעכער — אָן פענצטער־ווענטלעך. אַרויסגעריסענע טירן, אַוועקגעריסענע דילן מיט טיפֿע, אָפֿענע קעלערן, פון וואַנען ס'האָט זיך געטראָגן אַ שימלדיקער ווינט, וואָס איז ווי אַ שד אַרומגעלאָפן מיט אַ קראַנק, בייז וואָיען. די מויערן — צעריסן און איינגעפאַלן. די שטיגן האַלב־צעבּומענע און וואַקלענדיקע, זיינען געהאָנגען אין דער לופט, און דאָס גאַנצע הייזל האָט ווי אַ הקדש געסטראַשעט מיט טויט און אומקום. דאָס דאָזיקע הייזל איז נישט געווען קיין אויסנאָם, אַזוי האָבן אויסגעזען אַלע הייזלעך אין געטאָ, צעריסענע פון מענטשלעכע הענט, וואָס האָבן מיט האַלץ געפּרוווט אויפֿהאַלטן די וואַרעמקייט פון קראַנקע, געשוואָלענע גופים. און אַז איטשע־בער האָט דערהערט פונדרויסן, פאַר דער טיר, דאָס געריש פון גייענדיקע פיס, האָט ער זיך אומרויִק אויפֿגעהויבן פון אָרט און, מיט איין האַנט וויקלענדיק דאָס טישטוך אין דער פויסט, זיך אָפּגערופן:

— שרה־לאה, ווער קאָן דאָס איצט גיין צו אונז, האַ? נישט אַמאָל...

שרה־לאה האָט אויפֿגעשפּיצט די אויערן:

— כ'וועל זיי נישט אַריבערלאָזן איבערן שוועל, הערסטו? כ'וועל זיי נישט אַריינלאָזן — און פּטור.

— ע, ע, — האָט זיך שטיל אָפּגערופן איטשע־בער — באַלד קריכסטו אַרויס מיט דיין רשעות, ווו דען זאָלן זיי זיך אַהינטאָן? ליגן אויף דער גאַס אין אַזאַ נאַכט? דו זע נאָר וואָס אינדרויסן טוט זיך...

— אַז מיך גייט דאָס גאָרנישט אָן, זאָל דרויסן דונערן און בליצן... זאָלן זיי גיין ווו זיי ווילן, נאָר נישט דאָ... כ'קאָן זיי נישט אָנקוקן, די טריפֿהנע פּנימער...

— אָבער יידן זיינען זיי דאָך, שרה... אייניקלעך פון אברהם יצחק ויעקב...

די יידענע זיינע האָט זיך צעכיקעט:

— אַזוי זעען ביי דיר דאָס אויס יידן? מוחל, מוחל... קיין פּיפּס יידיש פּאַרשטייט דאָס נישט, קיין יידיש פּנים האָט דאָס נישט... כ׳וואָלט נישט וועלן שווערן, אַז דאָס מוז אַוודאי טראָגן יוזלעך אויפן האַרץ אויך... אָסור צי דאָס קען אַ תמונת־אות... טאָ מיט וואָס זיינען זיי דאָס יידן, פרעג איך דיך?

— יידן, יידן, — פּרוּווט איטשע־בער איינשטילן זיין יידענעס כּעס — ווען זיי וואָלטן נישט געווען קיין יידן, וואָלט מען זיי דאָך נישט אַהערגעשיקט צו אונז אין געטאָ אַריין אַזש פון בערלין און פון האַמבורג, פון פּראָג און פון ווין...

אין דער רגע האָט זיך געעפנט די טיר און אין דער טונקלקייט פון דער שוועל זיינען געבליבן שטיין עטלעכע געשטאַלטן. די מענטשן זיינען געווען אַרומגעהילט אין פּלעדן, אין רעגנמאַנטלען, געטראָגן אויסטערלישע נישט יידישע קאַפּוזעס איבער די קעפּ, קליינע טשעמאָדאַנדלעך אין די הענט, רייכע וואַליזקעלעך, וואָס זיינען געווען פּיטש־נאַס פון רעגן. די פּנימער זייערע פון הינטער די פאַרהילנדיקע קאַפּוזעס האָט מען קוים אַרויסגעזען. אויפן שוועל זיינען געשטאַנען אַן ערך פיר אָדער פינף געשטאַלטן. עס איז געווען שווער אין דער פינצטערניש אונטערצושיידן פרויען פון מאַנצבילן. אַלע האָבן זיי געטראָגן הויזן און שטאַרקע, פעסטע ספּאָרט־שיך. איינער פון זיי, אַרויסרוקנדיק זיך פון דער טונקלקייט, איז טיפער אַריין אין שטוב און אַראָפּגענומען פון קאָפּ זיין קליין שיך היטעלע מיט אַ פעדערל אין דער זייט, און אויסגעזען האָט ער ווי אַן אַלפּן־יעגער, וואָס איז נאָר וואָס אַראָפּ פון די בערג. אָנגעטאָן איז ער געווען אויף ביידע אַקסלען מיט לעדערנע טעשלעך, מיט אַ רוקזעקל אויף דער פּלייצע און אין הויכע געשנירלטע שיך.

דער דאָזיקער מענטש האָט צוויי מאָל אַ כאַרקע געטאָן, אָפּגעווישט די נעציקייט פונם גלאַט־געגאָלטן קאָפּ און צוגייענדיק גלייך צו איטשע־בערן אַ זאָג געטאָן אין אַ ברייטן נישט יידישלעך לשון:

— ג־ו־ט־נ־א־א־ב־נ־ט, מיינע הערשאַפטן...

— סקאָצל קומט, ברוך הבא געסט, — האָט שרה לאה אויסגע־שריגן, אַ פּאַטש געבנדיק מיט אירע הענט, און פאַרקרומט דאָס פּנים ווי זי וואָלט זיך געקליבן וויינען — גיב נאָר אַ קוק אויף דיינע ר ב נ י ם...

זי האָט זיך אַוועקגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די פרעמדע מענטשן און געהאַלטן אין איין ריידן אין אַ ווינקל נעבן אויוון:

— געזען אַ אַנשיקעניש? וויפיק צרות נאָך — נאַדיר נאָך י ע ק ע ס אויף מיין קאָפּ...

און בעת די יידענע האָט זיך געמאַכט פאָרען ביים קיכל, האָט דערווייל איטשע־בער, נאָכדעם ווי דער פרעמדער האָט אים געוויזן עפּעס אַ פּאַפּיר, אַריינגעפירט די מענטשן אין צווייטן חדרל, וואָס איז געשטאַנען אינגאַנצן ליידיק. דאָרט, אין חדרל, איז געזעסן אַ באַסע פינצטערניש. די מענטשן האָבן געשלעפּט אין שטוב זייערע אַלע טשעמאָדאנדלעך און פּעקלעך, אַראָפּגענומען פון זיך די אָנגע־האַנגענע הוט־שאַכטלען, ווו זיי האָבן געהאַלטן זייערע אַלטע הוטן און קאַפּעלושן.

אין פינצטערן חדר האָט פּלוצים אַ דין ליכט אַ שמיץ געטאָן איבערן בעליק. דאָס האָבן די מענטשן אינדרינען אָנגעצונדן אַ ליכט, אַוועקגעשטעלט עס אויף אַ קופערטל, און אַליין זיך גענומען פונאַנ־דערלייגן איבערן קאַלטן דיל.

אין ערשטן חדר האָט דערווייל שרה לאה נישט אויפגעהערט וואַרפן שפּיציקע רייד צו איטשע־בערן:

— אַז איך וואָלט דאָס נישט, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקע, איבער דער שוועל אַריבערגעלאָזט... דאָס זיינען יידן? טערקן זיינען דאָס — נישט קיין יידן... געזען דעם הילוך זייערן? אין אַזאַ הילוך גייט מען דאָס אין גלות אַריין? זיך אויסגעפּיאָקעוועט ווי צו אַ פורים־שפּיל... אוי, אַ בראָך צו דיין יידיש פאָלק, טאַטע־זיסער... אַש אויף די קעפּ האָט דאָס געדאַרפן זיך שיטן — און נישט ארומ־קריכן אין הויזן...

איטשע בער האָט דער יידענע זיינער נישט אָפּגעענטפערט,

וואָרום ער האָט שוין געוווסט, אַז נאָך אַ ווייל, און זי וועט אליין פון זיך זעלבסט, שטיל ווערן. עס איז געווען אַ סכנה זיך אָפּצורופן מיט אַ וואָרט; זיין וואָרט וואָלט אויפגעריסן זיין יידענעס כוח־הדיבור ווי אַ דאַמבע, וואָס ווערט אַוועקגענומען פלוצים פון אַ טייך, און זי וואָלט אים פאַרפלייצט מיט אירע רוגזהדיקע רייד. ער האָט דעריבער זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט, אַריינגעקראָכן אין אַ ווינקל און געגרייט זיך דאַווענען מעריב.

און אין חדר, וווּ די פרעמדע מענטשן זיינען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע, איבער זייערע קליינע לעדערנע טשעמאָדאַנדלעך און קוישלעך, איז פלוצים זייער שטיל געוואָרן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז אינדרינען זיינען אַלע מיט איין מאָל איינגעשלאָפן. די טיר איז געשטאַנען אַביסל אויפגעלענט, און שרה־לאה האָט אָפּקערנדיק זיך פון קיכל פון רגע צו רגע אַריינגעוואָרפן אַהינצו דורך דער שפּאַרע אַ בליק, געוואָלט זען, וואָס די „קונצנמאַכערס" טוען דאָרט. זי האָט נאָר געזען ווי די מענטשן דרינען זיינען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע, געהאַט אונטער די העלדזער אַרומגעבינדן קליינע, שניי־ווייסע סערוועטלעך ווי גאַוועך־שירצלעך, און פון די הענט האָבן זיי געצופּט פּאַרטרוקנטן, אַלטן קוכן.

איטשע בער האָט דערווייל אָנגעהויבן דאַווענען מעריב. מתחילת שטיל, קוים, קוים וואָס ער האָט באַוויגן מיט די ליפּן. און באַלד האָט ער צענומען, צעפּראַלט די הענט און ווי אַ פויגל מיט זיינע ברייטע פליגל, געפּאַטשט, געריסן זיך ערגעצווו מיט דער תפילה, ווי ער וואָלט זיך וועלן אָפּרייסן פון דאַנען, אַוועקפליען פונם חושכדיקן ווינקל און זיך אַראָפּלאָזן ערגעץ אין אַן איינזאַמען גרינעם טאָל, וווּ ער זאָל קאָנען הייס מתפלל זיין. די ווערטער זיינען אים ווי ברענענדיקע שטיקלעך קויל אַרויסגעפאַלן פונם מויל און אָנגעצונדן דעם ארומיקן חלל. פון די ווערטער האָבן אָנגעהויבן ברענען צוערשט די מלבושים, דערנאָך די לופט און דערנאָך האָט זיך אָנגעכאַפּט די פּאָדלאָגע. ער האָט זיך געוואָרפן ווי אַ בוים וואָס ווערט געריסן אין דונער און אין בליץ. פון רגע צו רגע האָט ער אויפגעהויבן די הענט הויך איבער זיך, אויסגעשפּרייט די פינגער

זוי ער וואָלט געדוכנט און אַליין געמיינט, אַז די פּיס זיינע שטייען
שוין נישט מער אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע. מיט די פויסטן
אַרויפגעלייגט אויף דער ברוסט, האָט איטשע בער שווער געזיפצט
און געכאָרכלט, געריסן פון זיך שטיקער און געקלאַפּט אין די
שלייפן. די יידענע זיינע האָט שטייענדיק נעבן קיכל נישט געקאָנט
משיג זיין וואָס מיט אים קומט דאָ פאָר. אַ הייסער ווינט איז גע־
גאַנגען פונם ווינקל אַרויס, וווּ איטשע בער איז געשטאַנען און גע־
דאַוונט. שוין לאַנג, לאַנג ווי זי האָט נישט געהערט ביי אים אַזאַ
דאַוונען. דאָס איז נישט געווען איטשע בער, וואָס איז דאָרט גע־
שטאַנען, נאָר עפּעס אַ פייערדיקער מלאך, וואָס האָט געקלאָגט און
געשריגן. זי האָט געהערט אפילו פונם ווינקל אַ שלוכצן. און דאָס
שלוכצן האָט איר געזעגט דאָס האַרץ. אַזוי האָט שרה לאה מער נישט
דערקענט איר איטשע בערן, ווי עס וואָלט זיך דאָרט אַוועקגע־
שטעלט אין דער טונקלקייט אַ פייערדיקער מלאך, וואָס וויינט און
טוט תפילה פאַרן גורל פון אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט.

און בעת דאָ, אין ערשטן חדר, האָט איטשע בער געדאַוונט
מעריב, איז דרינען אין צווייטן חדר עפּעס געשען, דאָרט, וווּ די
פרעמדע מענטשן זיינען געלעגן איבער דער פּאָדלאָגע. איטשע בער
האָט אויפגעריסן די אויערן מיט חידוש. צי הערן אויף אַן אמת די
אויערן זיינע? מתחילת איז אים אויסגעקומען, אַז דאָס וואָס ער הערט,
פראַלט אַרויס פון אים, פון הינטער זיין האַרץ אַפּויר. און אפשר גאָר
איז נאָך פון זיין דאַוונען געבליבן הענגען אין חלל דער דאָזיקער
פרעמדער ניגון, אַן עכאָ וואָס האָט זיך איצט צעשיט ווי אַ מחנה
זומער־פייגעלעך אויף אַ סאַמעטענעם ווינט און זיך צעהילכט אין
דער לופט מיט הונדערטער קליינע גלעקעלעך.

דורך דער געעפנטער טיר האָט זיך פונדרינען אַהערגעריסן אַ
שטיל געזאַנג, אַ מין ניגון, וואָס איז לחלוטין נישט געווען ענלעך
צו אַ יידיש זינגען. אַ ווייך, קירכלעך געזאַנג האָט זיך געריסן אַהער
און אַריינגעבראַכט אין שטוב אַ פרעמדן ריח פון ווייַרויך און געצנ־
דינערײַ. די קולות פון דרינען זיינען אָפּט געוואָרן איבערגעריסן
פון אַ ווייבלעכער שטים, וואָס האָט געזונגען אַליין, צעצויגן דעם

ניגון, בעת די איבריקע האָבן נאָר אונטערגעהאַלטן מיט אַ טיפן און רויקן באַגלייט. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז פון דרינען טראָגט זיך דאָ אַהער נגונים פון אַן אָרגל, אַדורכגעפלאָכטן מיט פסוקים פון הייליקע, פרעמדע תפילות.

דעמלט האָט שוין שרה לאה נישט אויסגעהאַלטן און אינגאַנצן אַן אָנגעצונדענע פון כעס אויפגעפראַלט די טיר. איטשע בער אַליין איז אויך געבליבן שטיין אַ מבולבלער הינטער זיין יידענעס פּלייצע און געקוקט אינדרינען אַריין.

אַלע מענטשן אינעווייניק זיינען מיט די הענט פאַרלייגטע אויף זייערע בריסטן געשטאַנען פאַרשטיינטע אין דער פינצטערניש פון חדר, די קעפּ — אַראָפּגעהאָנגען, און מיט פאַרשלאָסענע אויגן געזונגען אָט דאָס ווייטע און פרעמדע געזאַנג. די טשעמאָדאַנדלעך הינטער זיי זיינען געלעגן צעוואָרפן איבער דער פּאָדלאָגע, און דאָס ליכט, וואָס האָט געצאַנקט אַן אָנגעטריפטס אויף אַ קופערטל, האָט געשפּריצט מיט בייזע, שוואַכע פונקען. אין גאַנצן חדר איז געהאָנגען אַ סוד פון קילער טונקלקייט ווי אין אַ קלויסטער. און די מענטשן אַרומגעהילט מיט אַ טונקעלן נעפּל, פרעמדע און שווייגנדיקע, זיינען געשטאַנען פאַרגליווערטע ווי די מאַנאַכן.

און שרה לאה האָט שוין מער דעמלט נישט אויסגעהאַלטן, נישט געקאָנט צוימען דעם כעס, וואָס האָט אין איר געשפּאַרט מיט אַ בייזן כוח און מיט די הענט אַ פּאַכע געטאָן:

— צו אַל־די שוואַר־צע יאָער, אַרויס פון מיין שטוב מיטן בלעקעצן!... געזען אַן אַנשיקעניש? געמאַכט גאָר אַ טומאה פון אַ יידישער שטוב, אַז אַן אויסרייסעניש אויף זיי...

די מענטשן האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין יידיש וואָרט און זיינען ווייטער געשטאַנען געליימטע און פאַרגליווערטע אין זייער תפילה.

— ש־אַ־אַ־א — נישט מיט אַזויפיל רוגזה, שרה־לאה — האָט זיך פון הינטער דער יידענע אַרויסגערוקט איטשע בער — שאַאַא, אַביסל דרך־ארץ פאַר יידן... זעסט נישט, אַז יידן דאַוועגען?

דערווייל האָבן די מענטשן אינדרינען אויפגעעפנט די אויגן

און שמייכלענדיקע זיך פונאַנדערגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע. זיי האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך איבערגעוועקט פון אַ טיפן שלאָף. איטשע בער איז אַריין טיפער אין חדר און אָנגעהויבן עפּעס שמועסן מיט דעם, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלפן־יעגער. איטשע בער האָט גערעדט יידישלעך־ברייט, נאָר דער דייטש האָט נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. ער האָט נאָר אויסגעצויגן צו איטשע בערן אַ דאַרע האַנט און געשמייכלט מיט אַן אָפן מויל ווייסע, קאַלטע ציין. איטשע בער האָט אַ וווּנק געטאָן צו שרה לאהן, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַן אָנגעצונדענע אויף דער שוועל און מיט אַ שטים, ווי ער וואָלט נאָך געדאַוונט, זיך אָפּגערופן:

— אפשר וועסטו שוין דערלאַנגען אַביסל וואַרעמס, שרהלע? זעסט דאָך — יידן זיינען דורכגעווייקט פון רעגן... ווי לאַנג דאַרפן זיי וואַרטן, ווי לאַנג?

און אַז שרה־לאה האָט אַביסל שפּעטער אויף אַ טאַץ, וואָס זי האָט מיטגעכאַפּט פון באַשטעק אין דער לעצטער מינוט, בעת מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון דער שטאָטישער דירה — געטראָגן קליינע טעפּעלעך מיט וואַרעמער זופּ איז אַריין אינדרינען צו די מענטשן, איז זי אַ רגע שטיין געבליבן אינמיטן שטוב. אַ ציטערדיקע איז די טאַץ געלעגן אויף אירע ברייטע אויסגעפּראַצעוועטע הענט. אַ וואַרעמע פּאַרע האָט זיך געקרייזלט איבער אירע אָרעמס. קיינער פון די מענטשן האָט לאַנג נישט אויסגעשטרעקט קיין האַנט. זייערע הענט זיינען געווען פאַרנומען מיט די קליינע זיידענע נאָז־טיכלעך, וואָס האָבן געווישט די טרערן פון די אויגן. פון הינטער די זיידענע טיכלעך זיינען נאָר געפאַלן ווערטער ווייסע און וואַרעמע:

— לי־בער ברודער, לי־בע שוועס־טער... דאַנקע, דאַנקע... — וויר זינד דאָך אַללע יו־דן, יו־דן, יו־דן — — —

זייערע ווערטער זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע פאַרשעמטע און זיך צעפּיצלט ווי קליינע, קלינגענדיקע פּיצלעך גלאָז.

# היינץ פרידריך לעווי

דאָס דירהלע, וווּ היינץ פרידריך לעווי פֿון דריטן בערלינער טראַנספּאָרט האָט געוווינט, איז געווען אַ שמאָל פּינצטער אַלקערל, ווי אַ קלויסטער־קעמערל מיט אַ שיף שפּיציק פענצטערל אויפן הויף אַראָפּ.

היינץ פרידריך לעווי איז געווען פֿאַרן גאַנצן הייפל יידן אַ רעד־מעניש. מ׳האָט אים קיינמאָל נישט געזען אַרויסגיין צו קיין אַרבעט, קיינמאָל נישט געזען אים וואַשן קיין שאָל ביים ברונעם, און אַפילו אין די אָוונטן — קיינמאָל נישט אַראָפּגעקומען שעפּן אַ ביסל פרישע לופט אויפן הייפל. מענטשן האָבן גערעדט, אַז ער לאָזט זיך ערשט אַראָפּ, דער דייטש, פֿון זיין בוידעם־שטיבל, ווען די לבנה גייט אויף, און דעמלט זעט מען אים גיין ערגעץ מיט אַ גרויסן שוואַרצן פוטע־ראָל אונטערן אָרעם, איינגעוויקלט אין אַ שוואַרץ טוך, ווי ער וואָלט געטראָגן אונטערן אָרעם אַ פאַרשטאָרבן קינד.

עס פלעגט זייער אָפט טרעפן, אַז די יידן אין הייפל, וווּ היינץ פרידריך האָט געוווינט, פלעגן פלוצים שטיין בלייבן אויפן הויף און מיט פאַרגאַפטע פנימער אַרויפקוקן צו זיין קרום פענצטערל. עפּעס האָט פֿון אויבן זיך געטראָגן אַ פידל־שפּילן, וואָס האָט זיי געמאַכט ,די יידן אויפן הויף, זיס־טרויעריק, דערמאָנט די אַמאָליקע חתונות אין דער שטאָט, די פריילעכע יידישע קלעזמאָרים. ס׳רוב פלעגט אַזוי געשען אין פולע לבנה־נעכט, בעת דאָס גאַנצע הייפל איז געלעגן פאַרטונקען אינם קילן זילבער פֿון אַ ווייטער, פרעמדער לבנה, וואָס איז דאָ אַהערגעקומען פֿון אַן אַפּנער, ברייטער וועלט.

דער דייטש האָט נישט געלאָזט שלאָפן מיט זיין פידל. דורך דעם שמאָלן פענצטערל האָבן אין דער גרינגער לבנה־שיין זיך געצויגן אַזעלכע פארבענקטע, שטילע נגונים, וואָס האָבן געריסן דאָס האַרץ. נישט איינמאָל אָבער האָט זיך אויפגעפראלט פון ערגעץ אַ פענצטער און אַ יידענע האָט זיך צעשריען:

— וואָס לאָזט ער נישט שלאָפן, דער געמיינער מכשף... אויס־געראָטן זאָל ער דאָרט אויבן ווערן!

היינץ פרידריך לעווי האָט געשראָקן ביינאַכט מיט זיין שוואַרצן פוטעראַל און מיט זיין פידל־שפּילן. ביי טאָג איז ער געזעסן דאָרט אינם קעמערל ווי אַ פאַרמויערטער, קיינמאָל דאָס פענצטערל נישט געעפנט, און יידן האָבן געזאָגט, אַז דער דייטש אויבן איז נישט אַנדערש ווי טאַקע עפּעס אַן אויסטערלישע בריאה, אַ מכשף...

היינץ פרידריך לעווי האָט זיך אין יענעם טאָג אויפגעהויבן פון דער פּריטשע מיט אַ קאָפּ־ווייטיק. אַ גאַנצע נאַכט האָבן אים געפּייניקט אויסטערלישע ווילדע חלומות: אָט זעט ער ווי ער גייט אויף די ברייטע בערלינער גאַסן, און מיט אַמאָל — די גאַסן שרומפּן זיך איין, ווערן שמאָל, און שוין איז פון אַ ברייטער גאַס געוואָרן אַ שמאָלער פינצטערער וואַגאָן. ער ליגט אין דעם דאָזיקן וואַגאָן אין דער פינצטערניש, און נאָר דורך אַ פאַרקראַטעוועט פענצטערל זעט ער ווי עס שווימען פאַרביי ביימער, הייזער און מענטשן... און אָט זעט ער זיך שוין ביי אַ גרויסער וואַסער־מיל, וואָס דרייט אירע ריזיקע רעדער און ביי יעדן דריי פאַלן אַראָפּ פון זיי קליינע, צע־שמייכלטע קינדער, מיט צעבליטע ראָזעווע בעקעלעך. זיי זעצן זיך אַוועק אויף דער ערד, פלעכטן אויס קרענצעלעך און לאָזן זיי שווימען איבערן טונקעלן וואַסער נעבן דער וואַסער־מיל...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס אויף דער פּאָדלאָגע, געטאַפּט מיטן פינגער דאָס גראָבע פלייש, געפּרוווט דאָס אויפגעלאָפנקייט פון זיין גוף. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעריבן די אויגן און זיך געלאָזט גיין צום עמער וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל.

ער האָט זיך פלוצים אין עפּעס דערמאָנט. אַ ליכטיקער שטריך

איז געפאלן אויף זיין אויפגעלאָפן פּנים, ווי אַ זון־פלעק אויף אַן אָפּגעשטאַנען טויט וואסער.

די סיבה, פאַרוואָס דער דייטש האָט איצט, גייענדיק צום עמער וואסער, פּלוצים אויפגעשטראַלט, איז געווען די חתונה, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אויף אַ צווייטן הויף. ער איז געוואָרן פאַרבעטן דערפאַר, ווייל יידן האָבן געוווסט, אַז ער האָט אַ פידל. אויף אַ יידי־שער חתונה דאַרף זיין נגינה אַפילו אין געטאָ. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז היינט קומט פאָר די חתונה. ער האָט אָפּגעריבן די הילצערנע שיך מיט אַ נאס טוך, אָנגעטאָן דאָס לעצטע העמד, וואָס איז אים פאַרבליבן פון די גוטע, זיידענע בערלינער העמדער, און בלויז די טריבלעכע מילד־בלאָע אויגן זיינע האָבן בשום אופן נישט גע־וואָלט אָנטאָן אויף זיך אַ מער יום־טובדיקן גלאַנץ. זיי זיינען געווען טריב, אַרומגעבעט מיט וואַסער־קישעלעך און געקוקט אַרום זיך דערשראָקן, ווי די אויגן פון אַ קראַנקן הונט.

אַנטקעגן אָונט האָט זיך געעפנט די טיר און צוויי יידן זיינען אַריין.

— נו, פאַניע דייטש, מיר זענען געקומען אייך נעמען אויף דער חתונה, נאָר נעמט מיט די פידל, ס'הערט?

— גוט, גוט, שיין, שיין — האָט דער דייטש פאַרלוירן גע־שמייכלט, אַרויסציענדיק פון הינטער דער פּריטשע דעם שוואַרצן פוטעראַל.

---

אין אַ פאַרשוויצט, קליין פינצטער חדר׳ל האָבן יידן געפראַוועט אַ חתונה. עס זיינען געווען אַ פאָר מנינים יידן פון די אַרומיקע הייפלעך. איבער די קעפ האָט זיך געטראָגן אַ נאַסע בייסנדיקע פאַרע פון אויפגעוואַרעמטע קאַרטאָפל־פלעצלעך. אויף פינצטערע נאַסע בענק זיינען געזעסן טרויעריקע ווייבער און אַן אויפהער זיך גע־קניפּט די איינגעפאַלענע באַקן:

— אַ בראָך איז צו אונז, גילדענע, ווי אַ יידישע חתונה זעט אויס...

— קיין פיצל פיש... קיין פיצל ברויט, נעבעך...

— זינדיקטס נישט מיט די רייד, ווייבער — האָט זיך אַריינגעוואָרפן אַ יידל מיט אַ שפּיציק גאָמבעלע מיט אַ פּאָר גרעלע האָר אין דער מיט — הלוואי זאָל נאָר זיין קאַרטאָפל־פּלעצלעך צו דער זעט... ס'איז דאָך אמתער לעקעך, נישט קיין קאַרטאָפל־פּלעצלעך...

נעבן פּענצטער איז געזעסן אין אַ געדיכטן נעפּל, ווי אונטער אַ וועלאָן, דאָס חתונה־פּאָרל — צוויי איינגעדאַרטע קינדער. טאַטע־מאַמע האָבן חתונה־געמאַכט אויף גיך, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אָט־אָט וועט מען אָנהייבן אַרויסשיקן פון געטאָ. זאָלן כאָטש די קינדער זיין צוזאַמען... אין דער דאָזיקער שוואַרצער שטוב, מיט דער נאַסער פּאָרע אונטערן בעליקן — האָבן זיי איינער דעם צווייטן אָנפאַרטרויט עפּעס אַ באַהאַלטענעם סוד פון אַ ווייט־ווייט גליק, דאָס כלה־מיידל האָט געטראָגן אויפן אָפענעם געלן האַלדז אַ ווייס שאַלעכל, און די טראָלדן זייַנען אַראָפּגעפאַלן אויף איר יונגן אַקסל, ווי אַ בינטל שטראָלן, בעת אירע פינגער האָבן זיך געשפּילט מיט זיי. זיי זייַנען ביידע געזעסן הונגעריקע און אַריינגעקוקט אין זיך. דער חתן האָט געהאַט געזונטע ציין, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ שטיקל אַלט רינדל ברויט. עס איז געווען אַ חתונה אָן ברויט, נאָר מיט עפּעס אַ פינצטערער זופּ, ביטערער קאַווע און אויפגעוואָרעמטע שוואַרצע קאַרטאָפל־פּלעצלעך.

בעת דעם חתונה־מאָלצייט האָט מען דעם דייטש געבעטן אַרויסנעמען די פידל.

— שפּילט עפּעס, פּאַניע דייטש — האָבן פון אַלע זייטן זיך געשיט קולות — עס איז דאָך עפּעס אַ ייִדישע חתונה...

— שפּילט, שפּילט, פּאַניע דייטש, עפּעס אַ פריילעכס, אַ פריילעכס...

היינץ פרידריך לעווי האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן. ער האָט אַ־ויסגענומען די פידל פון פינצטערן פוטעראַל, אויסגעשטרעקט די גאָמבע, פאַרגלייזט די אויגן און אָנגעהויבן.

ער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט פאַרשלאָסענע אויגן און די אויסגעבעטע וואַסער־קישעלעך האָבן איינגאַנצן פאַרדעקט די

אויגן־דעקלעך. ער האָט געפירט דעם סמיטשיק מיט די אָנגעלאָפּענע פינגער, און די האַנט איבער די סטרונעס האָט מיט איר געשווי־לעכץ אינגאַנצן פאַרדעקט דאָס העלדזל פון דער פידל. אַ טיפער קילער ניגון פון עפּעס אַ תפילה האָט זיך געזעצט ביי יעדן אויפן האַרץ. די יידן, מידע און שלעפעריקע, האָבן מיט פאַרשלאָסענע אויגן אין דער וואַרעמער פאַרע געזיפט דעם ניגון ווי עפּעס אַ פריש קאַלט געטראַנק. דאָס הת...ה פּאָרל איז געזעסן נאָענט נעבן זיך און הייס געפלאָכטן זיך די פינגער פון די הענט אונטערן טיש־טעך. דער דייטש האָט געשפּילט. פּלוצים האָט ער אויפגעפּראַלט די אויגן. די וואַסער־קישעלעך האָבן זיך צעשאַרט און געגאַפט אויפן עולם, ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און געווישט דעם שוויס פון שטערן.

נאָך אַ מינוט שווייגן האָט ער זיך אָפּגערופן צו די נאָענטסטע יידן:

— וויסן זי ווער דאס וואר? — דאָס וואַר, מיינע הערן, שו־בערט... שובערט...

— לאָזט מיך שוין געמאַך מיט אַזאַ גרעמפּלען — האָט זיך אַריינגעריסן אַ יונגערמאַן מיט אַ פּאָר אויסגעלאָשענע אויגן — לאָמיר עפּעס הערן בעסער אַ פריילעכס, אַ ידישס...

און דער יונגערמאַן האָט כהרף עין אַרויסגעכאַפּט די פידל פון דעם דייטשס הענט.

היינץ פרידריך לעווי האָט זיך אַ בלייכער און אַ דערשראָקענער אָוועקגעזעצט, געפינטלט מיט די וויעס, בעת דער יונגערמאַן מיט די אויסגעלאָשענע אויגן האָט דערוויל געשפּילט אַ הייזעריק פריי־לעכס... דער דייטש האָט עפּעס מיט איינמאָל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אונטערגעשפּאַרט אים מיט זיינע הענט און די, וואָס זיינען געזעסן נאָענט נעבן אים, האָבן זיך אָפּגערוקט און צעשריגן:

— געטס נאָר אַ קיק... דער דייטש, דער מכשף וויינט גאָר!...

דער דייטש האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעזונקען און מיטן אַרבל געווישט די אויגן.

פּלוצים האָט ער זיך אויפגעשטעלט, די גאָמבע האָט ביי אים

אַ ציטער געטאָן — און מיט אַ ציטערדיק קול אַ געשריי געטאָן, אַז דער עולם האָט זיך דערשראָקן:

— אָבער, מיינע ליבע, דאָס וואָר דאָך שובערט, פּראַנץ שובערט!...

— געטס אים די פידל און זאָל ער גיין, דער דייטש... ס'זעט דאָך, אַז עס איז אַ קראַנקער מענטש... — האָט אַ געשטופּלטע יידענע רחמנות געקריגן, אַרויסגענומען די פידל פונם יונגערמאַנס הענט און, אַריינשטעקנדיק זי אונטער דעם דייטשס אָרעם, האָט זי אים געפירט צו דער טיר.

— גייטס מיר, פאַניע דייטש, לחיים ולשלום, מיערטשישעם ביי אייך אויף שמחות...

---

אינם שמאָלן פינצטערן אַלקערל, ווי אַ קלויסטער-קעמערל, אונטערן נידעריקן בעליק האָט היינץ פרידריך לעווי, אַהיימקומענדיק פון דער חתונה, אָוועקגעשטעלט דעם אָפענעם פידל-פוטעראַל נעבן דער פריטשע און מיט אַ שווערן אויפגעלאָפענעם ווייטיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די הילצערנע שיך. ער האָט ווידער אַ טאָפּ געטאָן זיך דאָס דיקע פלייש, און דאָס מאָל איז אים דער פינגער דאָרט שטעקן געבליבן. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף דעם קאַנט פון דער פריטשע און מיט אַ פאַרגלאָזטן בליק געקוקט אויפן אָפענעם פוטעראַל. ער האָט געקוקט, געקוקט — און די דרויסנדיקע לבנהדיקע נאַכט-שעה האָט אָנגעהויבן פליסטערן מיט אַ ווייטער שטילקייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער פריטשע. פונם שוואַרצן אויסגעבעטן פוטעראַל האָט אַרויסגעקוקט די פידל. ער האָט זיך אין די מלבושים צוריק אַוועקגעלייגט אויפן בעט און פאַרמאַכט די אויגן. עס האָט לאַנג בישט געדויערט, ווי ער איז איינגעשלאָפן.

אין צימערל האָט דערווייל געגומען אַריינשיינען די לבנה, אַ פולע, אַ ציטערדיקע. גרינע צאַפּלדיקע שטרייפן האָבן זיך געגליטשט איבער די קרומע ווענט און איבערן אָנגעלאָפענעם פּנים פונם שלאָפנדיקן. אין דער שטילקייט, וואָס האָט זיך געשטעלט מיט

געשפּענסטיקן כישוף פון דער גרינער רונדיקער לבנה, האָבן פון די באַהאַלטענע שפּאַרעס אַנגעהויבן אַרויסקריכן מייז — הונגעריקע, שוואַרצע און קוויטשיקע. נאַכט נאָך נאַכט איז אַזוי געווען. די מייז זיינען געלאָפן ביי די ווענט, געקראָכן איבערן פּוטעראַל, און מיט זייערע קורצע בייזע פיסלעך פאַרטשעפּעט די סטרונעס פון דער פידל. פון זייער לויפן איבער די סטרונעס האָט זיך יעדעס מאָל די פידל צעכליפּעט מיט אַ דינעם פּישטש. דער דייטש האָט איצט געחלומט אַ ווייטן פאַליעדיקן חלום. ער גייט אין אַ גאָרטן און אונטערן אָרעם פירט אים עמעצער. ער הויבט אויף די אויגן און זעט: עס איז נישט קיין אנדערער ווי ער — שובערט, פראַנץ שובערט אַליין! זיי גייעןביידע אונטער שאָטנדיקעביימער און שטעלן זיך ביידע אָפּ. ער שטרעקט אויס די האַנט נאָך אַ צווייג און אין זיין האַנט ווערט זי תיכף פאַרוואַנדלט אין אַ פידל. דער ווינט לויפט איבער אירע סטרונעס, און זי לאָזט אַרויס פון זיך אַן אויסטערליש קול, אַ קול פון אַ וויינענדיק קינד...

אונטערן בינדעריקן בעליק האָט זיך די לבנה דערווייל אויסגעלאָשן אינם אָנקומען פון מאָרגן־שטערן. אַ גראָע, שיטערע ליכטיקייט הענגט איצט אויף דער פּריטשע, ווי אַן איבערגעוואָרפן לייַלעך. היינט פרידריך לעווי כראָפּעט שווער. די מייז קוקן אַרויס מיט חשד פון די לעכער. די סטרונעס ציטערן נאָך דין און געשפּענסטיק אונטער זייערע קליינע, בייזע פּיסלעך.

1943.

---

# ליכט פון אפגרונט

די מאַמע מיט דער טאָכטער זיינען געווען זייער ענלעך צו זיך, און כאָטש צווישן זיי איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד פון יאָרן, פונדעסטוועגן זיינען זייערע קעפּ געווען ביידע גראָ, אַראָפּגעפאַלן, נאָר די מאַמע איז געווען דאַרער, אויסגעצויגענער און דער האַלדז־קנאָפּ איז איר אין פאַרטרוקנטן האַלדז ארומגעשווומען, ווי אַן אומרו ביי אַן אַלטמאָדישן זייגער. אויך זעלדע איז געווען איינגעפאַלן, מיט אַ פלאַטשיקער טרויעריקער ברוסט, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהויכט מיט ווייבלעכער וואַרעמקייט, עפּעס אַן אלמנהשער צער האָט אַרויסגעקוקט פון איר מאטער, געלבלעכער הויט. זיי זיינען געווען ביידע פון איין וווקס און געטראָגן איינע דער צווייטערס מלבושים. און די מלבושים האָט זיך אַרומגעטראָגן תמיד אַ קאַלטער טרויער פון איינזאַמע מענטשן. זייערע פּנימער זיינען געווען בלוטלאָזע און שטילע. צו דעם אומעט איז נאָך צוגעקומען לעצטנס די נייע דירה, די אומהיימלעכע ווינקלען פון אַ פרעמדער שטוב, וואָס איז געווען פול מיט דאַרע שפּינען און גראָ שפּינוועבס. וויפל די מאַמע האָט זיי נישט צעריבן אין די ווינקלען און פאַרווישט דאָס שפּינוועבס — צומאָרגנס זיינען זיי ווייטער געהאָנגען אויף די זעלבע ערטער און געוועבט זייערע סודותדיקע, גראָע בריקן, פאַרוואָרפן איבערן שטוב־חלל אַ געשפּענסטיק געוועב איבער די גראָע קעפּ פון דער מאַמען און דער טאָכטער.

מען האָט געוווינט אין פאָדערהייזל, צום הויף צו. פון די פענצטער האָט מען געזען דאָס גערטנדל. אייגנטלעך איז דאָס קיין

גערטנדל נישט געווען, נאָר דריי אָפּגעשינדענע ביימלעך, וואָס האָבן זיך, מען ווייסט נישט ווי אַזוי, אַוועקגעשטעלט אויף דער דאָזיקער האַרטער און איינזאַמער ערד. אַרום זיי איז געווען וויסט. די ליידיקייט פון הויף מיטן אויסגעטרוקנטן טויטן ברונעם, וואָס האָט שוין לאַנג נישט געגעבן קיין וואַסער, האָט אַרייַנגעקוקט דורך די פענצטער. מתחילת האָט מען גאַנצע וואָכן נישט געעפנט דאָס פענצטער. איינגעשלאָסן, פאַרבאַהאַלטן, זיינען מאמע און טאָכטער געלעגן אויף דעם איינאיינציקן בעט, וואָס זיי האָבן אָפּגעראַטעוועט פון דער שטאָט. זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן אַריין. אָן ווערטער, אָן לשון, האָבן זיי איינגעקלאַמערט זייערע הענט אין טאָגטעגלעכן טאָן פון קלייניקייטן. טאַקע דאָס אָפּגעראַטעוועטע בעט איז געווען דער סוד פון זייער פאַרביסן שווייגן. זעלדע האָט טיילמאָל אַוועקגעשטעלט זיך צוקאָפּנס אָדער צופיסנס פון בעט און מיט אירע געלע הענט געגלעט דאָס גראָע האָלץ — די מאמע זאָל נישט זען. אירע אויגן זיינען דעמלט אַרויסגעשוואומען פון איר קאָפּ, און זי איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע. אויפסניי האָט זי געזען צוריק אַלץ, אַזוי ווי עס איז געשען. דורך לאַנגע חדשים פאַר דער מלחמה האָט זי זיך געגרייט צו דער חתונה. מען האָט איינגעקויפט אַן אויסשטייער, לייוונט אויף העמדער און ציכלעך, שטוב־זאַכן, און לייבוש אַליין, אַ סטאָליער, האָט געגרייט אַ שאַנק און אַ פּאָר בעטן. דאָס ערשטע איז פאַרטיק געוואָרן דאָס בעט, אַ ברייט באַלעבאַטיש בעט מיט הויכע גזימסן צוקאָפּנס. עס איז געשטאַנען לאַנגע חדשים צונויפגעשטעלט אין אַ ווינקל ביי דער מאַמען אין שטוב און געוואַרט. דער טאָג פון דער חופה איז געווען באַשטימט, ווי דער דייטש איז פלוצים איבער נאַכט געבליבן שטיין הינטער דער שטאָט. לייבוש איז אין דער בהלה אַוועק צוזאַמען מיט אַלע שטאָטישע מענטשן און מער נישט צוריקגעקומען. דערווייל איז מען פאַרטריבן געוואָרן אַהער. מען האָט נאָר מיטגעכאַפּט אין דער לעצטער רגע אַביסל וועש פון אויסשטייער און דאָס חתונה־בעט. וואָכן איז עס געשטאַנען נישט אויפגעשטעלט, און די מאמע מיט זעלדען זיינען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, אונטערגעלייגט די מלבושים.

שפּעטער, אַז עס האָבן זיך געשטעלט קאַלטע טעג, און דער ווינטער האָט צוגעשלאָגן, האָט די מאַמע אויפגעשטעלט דאָס בעט. מען איז געלעגן און געקוקט צום בעליק און צו די ווינקלען, וווּ עס האָבן געצויגן זייערע פּעדעם אויסטערלישע שפּינען. פון אונטער די ווענט האָט דאָס געוויין פון קליינע קינדער געשפּאָלטן די שטילקייט. און טיילמאָל האָט דאָס געשריי נאָך אָפּשטאַרבנדיקע שכנים, וואָס זיינען געשוואָלענע אויסגעגאַנגען, געריסן זיך דאָ אַהער, געבליבן זיצן אויף די ווענט און דורך לאַנגע שעהן פון שווייגעניש געקלונגען אין די אויערן, ווי ווייענדיקע גרילן.

דאָס שלאָפן מיט דער מאַמען איז מתחילת אָנגעקומען זייער שווער. די מאַמע האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַריין אין בעט און לאַנגע וואָכן געלעגן אין ווינקל איבערגעדעקט מיט טישטעכער און מלבושים. און זעלדען האָט נאָך מערער דער מאַמעס אַנטלויפן פון בעט צוריקגעבראַכט איר גאַנצע קלאָג און יונג צעבראָכן לעבן. ביז אַנומלט האָט זעלדע זיך אָפּגערופן צו דער מאַמען, און איר קול איז געווען ווייך און וויגנדיק פון טרערן:

— כ'ווייס אַלץ, מאַמע, כ'ווייס אַלץ... די טויטע קומען קיינמאָל נישט צוריק... ער וועט קיינמאָל שוין נישט צוריקקומען... קיינמאָל נישט...

פון דעמלט אָן האָט די מאַמע פאַרשטאַנען, אַז זעלדע האָט שוין איבערגעבראָכן אין זיך און בייגעקומען דעם יאָמער אין איר האַרץ.

---

עס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַן אכזריותדיקער ווינטער מיט טעג בלאָ־אָנגעלאָפענע און געשוואָלענע פון הונגער. יידן ליגן אין די בעטן גאַנצע טעג, בעת דער פראָסט און שניי טאַנצן פאַרן פענצ־טער. פון די פינצטערע אָפּגעראַטעוועטע קישנס קוקן אַרויס קליינע שוואַרצלעכע פּנימלעך פון זקנים, וואָס זעען אויס ווי קראַנקע קינ־דער. אין די קליינע שמאָלע געסעלעך יאָגן זיך ווי רוחות די דריי טויט־וועגעלעך, וואָס קלויבן פון די שטובן די פאַרפרוירענע און געשטאָרבענע. די דריי וועגעלעך קלאַפּן מיט זייער צוגעשטעלטן

ברייטן קאַסטן אויפֿן דעכל פֿון וועגעלע. דער קאַסטן הוידעט זיך, דאָ רעכטס דאָ לינקס, אַט באַלד וועט ער אַראָפּפֿאַלן און אויסשיטן אויפֿן שניי די נאַקעטע מתים. דער ווינט איז מעסערדיק, און די לופֿט דין. ווו אַ היזל — לויפֿן אַראָפּ די יונגען מיטן ברעט און שלעפּן פֿון דאָרט אַרויס אַ מת. דער שניי פֿאַלט אויפֿן דאַרן, שטייף־געוואָרענעם גוף. די יונגען שליידערן אים אין קאַסטן אַריין. קיינער פֿון די נאָענטסטע איז נישטאָ. ערגעץ אויפֿן הייפֿל איז איינגעזונקען געוואָרן אַ פּלוצימדיקער מענטשלעכער קוויטש. איצט וואַרפֿט שוין דער ווינט קופּעס פּראָסטיקן שניי דעם מת גלייך אין פּנים אַריין אויבן אין ברייטן, אָפֿענעם קאַסטן.

די הייפֿלעך אין געטאָ זיינען ליידיק.

זעלדע מיט דער מאַמען ליגן נאָך פֿון ביינאַכט אינעם בעט. אַ בלאָע קעלט גייט פֿון פֿענצטערל. די שויבן זיינען איינגעקאָוועט מיט פֿראָסט, ווי מיט גראָע העמדער אָנגעטאָן. די מאַמע ליגט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און דרימלט. מיט אַ צעגליטער אָל בויערט דער הונגער אונטערן האַרץ. און מיטאַמאָל — הינטערן ווענטל צעשרייט זיך אַ צעבראָכן קול:

— געוואַ־אַ־אַלט!... ראַ־טע־ווועטס!... גע־וואַ־אַ־לט!...

הינטער דער וואַנט צעשאַרן זיך פֿיס. עמעצער הייבט אָן זאָגן הויך תהילים. פּלוצים ווערט שטיל. נאָך אַ רגע הערט מען שוין ווידער עמעצן תהילים־זאָגן, און אַ שטיל יידיש כליפּען. אַזוי וויי־נען תמיד יידן אין אָנבליק פֿון טויט.

אַ צייט שפּעטער — ווידער דאָס זעלביקע. אָבער דאָס מאָל גייט אויף הויך פֿון הינטערן ווענטל דאָס געשריי און הערט לאַנג נישט אויף. זעלדע מיט דער מאַמען זעצן זיך אויף אויפֿן בעט. דאָס געשריי רייסט אָן אויפֿהער. עס איז אוודאי דאָס געשריי איבער אַן אָפּשטאַרבנדיקן. וואָס קאָן מען דאָ העלפֿן? אין דער שטוב שטייט דער פֿראָסט ווי אויפֿן הויף. דאָס וואַסער איז פֿאַרפֿרוירן אין די טעפּ אויפֿן קיכל. די פּאָדלאָגע איז בלאָ פֿון די פֿראָסט־העמדלעך אויף די שויבן און זעט אויס ווי קאַלט גלאָז. אויף די

וועגט זיצן טויזנטער קליינע דימענטלעך, וואָס פינקלען אינם בלאָען, ווינטערדיקן ליכט פון דער שטוב.

אַנטקעגן אָוונט האָט זיך געעפנט די טיר און אויפן שוועל איז שטיין געבליבן ר׳ אָשר. דאָס איז געווען דער איינציקער שכן, וואָס האָט געוווינט הינטערן ווענטל. אין אַ צעריסענעם, ווינטיקן כאַלאַט, אין ברייטע הילצערנע שיך, פון וואַנען מען האָט אַרויס־געזען בלאָע, דאַרע פיס, האָט ער עפּעס אָן אויפהער געמורמלט מיט די ליפּן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין שטיבל און, דערזעענ־דיק ביידע פּרוען ליגן איינגענורעטע אין בעט — צוריק אַרויס־געגאַנגען.

ערשט אויף צומאָרגנס איז זעלדע אַריין צום שכן.

---

ס׳איז געווען אַן אויסטערלישע פינצטערע שטוב מיט אַ שמאָל פענצטערל, שטאַרק פאַרקאָוועט פון פראָסט. די שטוב איז געווען איינגאַנצן אַ ליידיקע, אָן אַ טיש, אָן אַ שטול, אָן אַ בעט. אין די ווינקלען בלויז זיינען געלעגן קליינע צונויפגעבונדענע פעקעלעך מיט אַלטוואַרג. גאַנץ אויבן אָן אויף אַ ביסל שטרוי און צוגעדעקט מיט אַ פּאָר מלבושים איז עמעצער געלעגן. ר׳ אָשר אליין איז געזעסן לעבן דעם ליגנדיקן אויף אַ פּאָר ציגל און אַריבערגעבויגן איבער אַ ספר שטיל אין זיך אריין עפּעס געזאָגט. דער ליגנדיקער, ווי אַ צעטרעטן ביסל שטרוי, איז געווען דאַר און לאַנג. פון צו־קאָפּנס האָט אַרויסגעקוקט אַ געל, איינגעפאַלן פּנים. די אויגן זיינען נאָר געווען גרויסע און בריענדיקע. אַז זעלדע איז אריינגעקומען האָט דער אלטער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר און באַלד צוריק זיך אומגעווענדט צום ליגנדיקן:

— לייבושל, זע נאָר... ס׳איז עמיצער דאָ אין שטוב... עפן די אויגן... עפן...

זעלדען האָט אַ ברי געטאָן ביים [illegible]

לייבו[illegible]... איין רגע בלויז האָט איר אַ בליץ געטאָן אין פּנים די אויגן פון איר חתן, וואָס איז ערגעץ פאַרפאַלן

געוואָרן. עפּעס אומזעבאַרע וואַרעמע הענט האָבן זי אָנגענומען פאַר די דאַרע אַקסלען און צוגעפירט נענטער צום געלעגער. דער אַלטער האָט זיך אויפגעשטעלט און געהייסן זיצן.

— זעצט זיך, שכנה... כאָטש קיין שטול איז ביי אונז ניטאָ... אַזאַ גורל איף אונז געקומען... אַזאַ גורל.. אַפּילו אַ ביסל וואַרעמס פאַר אַן אויסגייענדיקן...

דאָס בינטל שוואַרצע מלבושים האָט זיך דערוויל אַ ריר געטאָן. פון דער פינצטערניש צוקאָפּנס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר גרינע פייערלעך פון מענטשלעכע אויגן. ער האָט שווער געעטעמט.

— אַ שכנה? פון קעגנאיבער?

זעלדע האָט זיך צוגעהערט צו זיין קול, וואָס איז געווען ווייך און וואַרעם. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָבער דער ליגנדיקער האָט די באַוועגונג נישט געזען, ווייל דער אָוונט איז געלעגן און פאַרשלונגען יעדע תנועה.

דערנאָך איז דער אַלטער אַרויסגעגאַנגען און זעלדע געלאָזט אַליין מיטן זון.

ער איז געגאַנגען זוכן אַ ביסל שפּענדלעך פייער צו מאַכן אויף אָפּצוקאָכן וואַרעמס. ער איז לאַנג נישט צוריקגעקומען און געלאָזט ביידע זיצן אין דער פינצטערניש. און אין דער דאָזיקער קאַלטער פינצטערניש, וואָס איז געווען פול מיט פראָסט און נאַסן זילבערנעם שימל אויף די ווענט, האָט זעלדע מיט אַמאָל דערפילט, ווי איר איינגעפאַלן האַרץ טייעט איף צו דעם ליגנדיקן קראַנקן. זי האָט אַויסגעצויגן צו אים די האַנט צו פאַרדעקן דעם אָפּגעדעקטן אַקסל, און אונטער אירע פינגער געפילט די אויסגייענדיקע וואַרעמקייט פון אַ ביינערדיק לייב.

לייבושל איז געלעגן אין געשווילעכץ. איף די ווענט האָבן געבליט קראַנקע בלומען פון גלאַנציקן פראָסט. לייבושל האָט אַרויסגענומען די האַנט פון אונטער די מלבושים און אַ וואַרעמע און פייכטע זי אַוועקגעלייגט איבער די דאַרע קני פון זעלדען. די האַנט איז לאַנג געלעגן, און זעלדע אַליין האָט געפילט ווי דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז ביז איצט געווען איר פרעמד און וואָס וועט

אַוודאי באַלד אויסגייך — איז איר מיט אײנמאָל געוואָרן נאָענטער
ווי די מאַמע. דאָס בחורל איז געלעגן אין הײכער היץ און פון זײן
מויל איז געגאַנגען אַ וואַרעמער, קראַנקער אָטעם. זי וואָלט אַוועק־
געגעבן דאָס ביסל וואַרעמקייט פון אונטער איר האַרץ, אַבי אים צו
שטעלן אויף די פיס. אירע מיידלשע גלוסטונגען, וואָס זײנען ביס־
לעכווייז אויסגעגאַנגען אינם שווערן צעבראָכענעם לעבן, האָבן פון
ערגעץ־ווו, פון אַ ביסל נאָך טליענדיקן וואַרעמען אַש, געוואָרפן אַ
טײענדיקע וואַרעמקייט אויף דער געלער הויט פון איר ברוסט.
דער הונגער און די קעלט זײנען מיט אײנמאָל ערגעץ־ווו פאַר־
שוווּנדן, פאַרשוווּנדן זײנען אַלע בייזע טעג, און אירע אויגן האָבן
אויפגעטייעט פּלוצים, ווי עס טייען אויף פאַרשלאָסענע אייז־וואַסער־
לעך אונטער דער וואַרעמער זון. עפּעס אַן אײדעלער כוח האָט
געשפּאַרט אין אירע מאָגערע אַקסלען. אין דעם דאָזיקן פינצטערן
שטיבל מיטן אויסגייענדיקן קראַנקן, אונטער די בליענדיקע
פראָסט־בלומען אויף די ווענט — איז זעלדען געוואָרן וואַרעם,
האַלטנדיק לייבושלס קראַנקע האַנט אויף אירע קניען. זי האָט זיך
געשעמט פאַר אירע מחשבות און פאַר דער וואַרעמקייט, וואָס האָט
זי באַגאָסן. לייבושל אַליין איז געלעגן די גאַנצע צייט מיט פאַר־
מאַכטע אויגן און בישט אַראָפּגענומען פון איר די האַנט. עפּעס האָט
זעלדען אַ באַוועג געטאָן אין האַרץ. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן
איבער אים און אַרויפלייגנדיק איר פלאַכע מיידלשע האַנט אויף
זײן ברענענדיק פּנים, סודותדיקן אַרויסגעשטאַמלט:

— לייבושל, וועסט געזונט ווערן, וועסט זען, כ׳וועל דיך
געזונט מאַכט... לייבושל... און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

———————

זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין שטוב. די מאַמע איז נאָך געלעגן
אין ברייטן בעט און געשלאָפן. אַ פאַרפרוירענע לבנה האָט אַרײנ־
געקוקט דורך דער שויב, און איר ליכט האָט געוואָרפן אַ גרינעם
אָפּשײן אויף די ווענט. זעלדע האָט עפּעס געזוכט אין די ווינקלען.
זי איז באַזעסן פון אײנאײנציקער מחשבה: האַלץ. שאַפן האַלץ אײנ־

צוהייצן אינדרינען, ביי לייבושלען, אָפּקאָכן וואַרעמס, שטעלן צו זיינע פיס וואַרעם־פלאַשן. וואָלט כאָטש געווען אין שטוב אַ בענקל, אָדער אַ שענקל, וואָלט זי עס צעקלאַפּט און פייער געמאַכט. זי קוקט זיך ווידער אַרום און זעט בלויז דאָס בעט, דאָס גרויסע חתונה־בעט אירס מיט די הויכע געזימסן.

אַ וואַרעמע מחשבה בליצט אויף אין איר מוח: צעהאַקן ס׳בעט.

זי זוכט די האַק. די האַק איז אַ שאַרפע און אַ שווערע. זי האַלט זי קוים אין דער האַנט. די מאַמע מאַכט אויף איין אויג. בעת זעלדע פּאָרעט זיך, אַ באַנומענע דרייט זי זיך אַרום בעט. די מאַמעס אויגן ווערן אָנגעגאָסן מיט עפּעס אַ שגעון. איר אָפּגעקילטער מוח פאַרשטייט נישט וואָס דאָ געשעט. און פּלוצים — הויבט זעלדע אויף די האַק און לאָזט זי אַראָפּ אויפן אונטערשטן בעט־ווענטל. די האַק איז געבליבן זיצן אין אַ שפּאַלט און דאָס ווענטל איז לויז געוואָרן. זי האָט נאָכאַמאָל אַרויסגעכאַפּט די האַק פונעם האָלץ און מיט איין שטויס איז דאָס געזימס געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע. זי האָט עס געכאַפּט אין אירע הענט און צעשפּאָלטן אויף קליינע שטיקלעך. מיט פולע הענט צעשפּאָלטענע שפּענער איז זי אַריינגעלאָפן צו לייבושלען. זי האָט זיך באַלד אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד ביים קיכל און אַ שטיל שוואַך פייער האָט צעשאַרט די פּראָסטיקע פינצטערניש. פון צייט צו צייט איז זי אָפּגעשפּרונגען פון קיכל, צוגעלאָפן צום פינצטערן ווינקל און אַריינגערעדט אין די מלבושים:

— באַלד, באַלד לייבושל... ס׳וועט באַלד זיין וואַרעם, ס׳וועט באַלד זיין אַ וואַרעם־פלאַש... ס׳וועט זיין אַ ביסל גריץ...

און פון דעם רויך פון די טרוקענע העלצער פון גרויסן געזימס, וואָס האָט איצט געפלאַקערט, איז אין דער שטוב אויפגעגאַנגען אַ וואַרעמער טשאַד. ר׳ אָשר איז געזעסן אויף די פּאָר אויפגעשטעלטע ציגל און געזאָגט תהלים. זעלדע האָט צוגעשטעלט אַ טאָפּ וואַסער. זי האָט אויפגעהויבן אירע אויסגעלאָשענע אויגן און איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זעען נייע, וואונדערלעכע זאַכן. די שטוב איז געוואָרן פול מיט געזאַנג פון תהלים זאָגן. אויף די ווענט

האָבן די צעבליטע בלומען געמיניעט מיט זומערדיקע טוי-פּערל,
וואָס זאָגן אָן דאָס אויפגיין פון אַ ליכטיקן זומערדיקן טאָג. און
פונעם אלטנס תהלים-זאָגן און פון די קאַלטע בלומען אויף די
ווענט האָט זיך אין די ווינקלען צעשאַרט אַ וואַרעמקייט, ווי פּלאַ־
טערנדיק, כשופדיק ליכט איבער אַן אָפּגרונט.

---

# שבת־ליכט

אויב מען וויל, האָט איטע בינע שוין איצט אָנגעוווירן דעם חוש פאר ז'ער גרענעץ צווישן וואָר און צווישן דעם, ווו ס'הויבט זיך אָן דאָס געשפין פון אומהיימלעכע, נישט־קלאָרע רעיונות.

דורך דעם קנאַפּ ביסל צייט איז איטע־בינעס משפחה אויסגע־וואָרצלט געוואָרן, ווי די אנדערע יידישע משפחות, וואָס האָבן, אריינקומענדיק אין געטאָ, מיטגעבראַכט עטלעכע שפּליטערס פון זייער הויז־געזינט. ווען מען זאָל איר אַפילו וויזן אַן אָפּשיין פון איר פאַרלוירן געגאַנגען אַמאָליק לעבן, וואָלט איטע־בינע עס אויך מער נישט דערקענט, ווי מען דערקענט נישט די פאָטאָגראַפיע פון אייגענע, נאָענטע מענטשן, וואָס ווייטע יאָרן האָבן פאַרווישט זייערע פּנימער. איטע־בינעס קאָפּ איז וואָס אַמאָל מער געזונקען, ווי אין עפּעס אַ מטושטשדיקן שפּאַלט פון אַ פעלז, וואָס קלעמט און דריקט צונויף מיט שטיינערנע, קאַלטע קלעשטשעס.

ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט זיין, — האָט איטע־בינע דאָך אָממייסטן באַדויערט אירע אַמאָליקע שבת־קאַנדעליאַברעס. דאָס זיינען געווען הויכע שטאָלצע מנורות, וואָס זיינען געשטאַנען אויף שלאַנקע זילבערנע פיס, באַדעקט מיט פאַרשידענע אויסצירונגען און שניצערייען. דער עיקר — די אויסגעבויגענע אָרעמס, ווי די רעגנבויגנס, וואָס האָבן זיך געריסן ארויף, פאַרשפּיצט מיט זיל־בערנע עפּענונגען, ווי אָפענע ליפּן. די דאָזיקע קאַנדעליאַברעס זיי־נען איבערגעבליבן אין שטאָט, בעת מ'האָט איטע־בינען אַרויס־געוואָרפן פון דער דירה.

מתחילת האָט מען אין געטאָ געקענט זיך איינשאַפן ליכט לכבוד שבת, אָבער מיט יעדן חודש שפּעטער זיינען די ליכט גע־וואָרן טונקעלער, געלער און קלענער. זיי זיינען געווען געקנעטן פון עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיי שווין מיט גאָרנישט דערמאָנט אין די אַמאָליקע בלאַנקנדיקע שבת־ליכט. איינגעשרומפּענע, ווי די פאַרצייטישע גראָשן־ליכטלעך, זיינען זיי פאַרשעמטע געלעגן אויף די הענט פון די יידן, געוועזענע קרעמער, ווי אויך זיי וואָלטן אַדורכגעגאַנגען דעם הונגער און די פינצטערע טעג פון אומגליק. און צוזאַמען מיטן איינשרומפּן פון די ליכטלעך, איז אַלץ מער איינ־געשרומפּן דער שבת. זיי זיינען ביידע פאַרשוווּנדן, אויסלעשנדיק זיך אויפן גראָען, נאַקעטן טיש פון יידישע שטיבן.

אצינד שטייט זי, איטע־בינע, אין אַ ריי צווישן הונדערט אַנדערע ווייבער אויף אַ גרויסן הויף, מיטן טאָפּ אונטערן אָרעם און וואַרט אויף אַ זופּ.

זי שטייט, די אַמאָליקע נגידיתטע, אַרומגעהילט אין אַ טיכל, דער קאָפּ אין אַ זייט, און קוקט אויף דער וואַנט אַ מטושטשדיקע. פאַר איר שטייט אַ ייד אַ גראָלעכער, אַ צונויפגעקאָרטשעטער, מיט אַ רויטן שאַל פאַרוואָרפן איבערן האַלדז. דער ייד האָט גרויסע אָפּשטייענדיקע אויערן, פון וואַנען עס קוקן אַרויס געקרייזלטע פּאַסמעס האָר. די פּלייצע זיינע — אַ קרומע און ביינערדיקע, ווי ביי איר שאולן, עליו השלום. די לאַטע אויף זיין קרומער פּלייצע דריוולט זיך אין געל־גרינעם שיטערן פאָדעם. הינטער איטע־בינען שטייט אַ יונגע מויד מיט אַ געשפּרענקלט געל פּנים, מיט אַן אָפן מויל, וואָס גאַווערט, און שיטערע געלע לויזע ציין.

די ריי ציט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון הויף און פאַר־קירעוועט זיך צו אַן אָפן פענצטער, ווו צוויי ווייבער גיסן פון אַ בלעכערנעם קעסל גראָע זופּ אין די טעפּ אַריין.

ס'איז צען אַ זייגער פאַרמיטאָג.

די לעצטע וואָכן ווערט דאָס מיטאָג אַרויסגעגעבן זייער פרי. ס'ווערט שנעל פאַרשלונגען, און דערנאָך גייט מען אַרום אַ גאַנצן טאָג אַ הונגעריקער. זינט מען האָט אָנגעהויבן עסן אין די קיכן,

זיינען אַלע געסלעך פון באַלד אַינדערפרי איבערפולט מיט לויפנ־דיקע ייִדן, יידענעס און קינדער מיט טעפּ אין די הענט. איצט שטייט מען דאָ אין דער ריי, און אויף די פּנימער ליגט די איינגע־פאַלנקייט פון בייזן, ביטערן הונגער. ס׳שטייען ייִדן מיט לאַנגע בערד, שוין נישט מער אין ייִדישע היטלען, נאָר סתם מיט אַרויפ־געוואָרפענע אַלטע, צעקנייטשטע קאַפּעלושן, אויסגעטראָגענע פּויליש מאַטשעיוווקעס. די ווייבער מיט איינגעפאַלענע באַקן, ווי נישט אויפגעגאַנגענע טייגלעך, פון וואַנען ס׳קוקן אַרויס געלע פלעקן פון שווערע חולאתן. די מענטשן שטייען און רוקן זיך איינ־ציקווייז, האַלטנדיק פאַר זיך דעם ליידיקן טאָפּ אַן אָפּענעם, ווי דאָס פינצטערע מויל פון עפּעס אַ חיה. מען זיפצט און מען אָכצט, מיט פאַרלייגטע הענט אויף די אַרונטערהענגענדיקע בריסטן. עפּעס אַן אויסטערלישער ריח גייט פון די מענטשן, פון זייערע מלבושים, פון זייערע הענט און באַוועגונגען. די, וואָס כאַפּן־אויף דעם דאָזיקן ריח, פּרוּוון זיך האַלטן פון דער ווייטנס, אָפּרוקנדיק זיך פון די מענטשן. נאָר דער ריח רוקט זיך מיט זיי אַרויס פון דער ריי, פאַר־הילט זיי, ווי אַ מלבוש, אויך אויף אַ פּאָר טריט ווייטער, און זיי קענען אים שוין נישט פּטור ווערן. ס׳איז אפשר דער ריח פון מענטשלעכן גוף, וואָס גייט אייַן פון הונגער און עסט זיך אַליין אויף. אַז מען קוקט פון דער זייט אויף די דאָזיקע מענטשן, איז שווער צו גלייבן ווי גיך דער מענטשלעכער גוף פאַלט איין פון תמידיקן הונגער, ווי משונהדיק עס איז די קאָליר פון אַ הונגעריקן גוף: געלבלעך־גראָ ווי זאמד. אַזוי ווי די מויער, ווו ס׳הענגען איצט איטע־בינעס אויגן. אַ גראָ־געלע מויער. די אויגן אירע הענגען סתם אַזוי אויף אַ שטיקל אָפּגעריבן ציגל. אַז מען הערט אויף צו ריידן, קענען די מענטשן אין דער ריי שעהנווייז לאָזן הענגען זייערע אויגן אויף עפּעס אַ נישטיקער זאַך: אויף אַ פּיצל וואָלקנדל, וואָס הענגט צעריסן אויפן דאַך, אויפן קעגנאיבערדיקן פּלויט, אויף אַ שטיינדל, אויף אַ זעמדל, אויף אַ שטיקל פאָדעם אָדער אַן איינזאַם שפּענדל, וואָס וואַלגערט זיך צופּיסנס אין זאַמד...

הינטער די מענטשן האָט עפּעס אַ סקריפּ געטאָן — און איידער

וואָס־ווען — פאַלט אריין אויפן זאמדיקן הויף אַן עגלה, און בלייבט שטיין נישט ווייט פון דער ריי. פון וואָגן שפּרינגען אַראָפּ: אַ דיק, געל יידל און אַ יונג, וואָס שלעפּט אַראָפּ פון וואָגן אַ לאַנג נישט געהיבלט ברעט. אינעווייניק אין וואָגן איז מער קיין אָרט נישטאָ פאַר די מתים. אויפן וואָגן שטייט אַ פּירקאַנטיקער קאַסטן איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך.

— משה־חיים... האָסט שוין נישט געהאַט ווו אַריינצופּאַרן מיטן וואָגן, נאָר פאַרן קעסל עסן, האָ? — שרייט ווער ארויס פון קיך־פענצטער צו בײדע ייִדן, וואָס זיינען זיך דערווייל מתעסק ביים ברעט.

משה־חיים, דאָס געלע דיקע יידל פון דער עגלה, גייט צו נענטער צום פענצטער.

— ווער רופט דאָס דאָ מיין נאָמען פון דער קיך ארויס, העי?

— איך, שלמה־זלמן. האָסט שוין נישט געהאַט, פרעג איך דיך, וווהין אַריינצופּאָרן מיטן וואָגן נאָר דאָ, העי?

בײדע ייִדן דערלאַנגען זיך די הענט איבערן אָפענעם פענצטער. דער ייד אינעווייניק, אין דער קיך, האָט דיקע האָריקע הענט מיט בלאָע שטייפע אָדערן. משה־חיים האָט אַ רונדיקע פעטע דלאָניע, מיט קליינע איינגעשרומפּענע פינגערלעך, ווי ביי אַ קינד.

— וואָס קאָכסטו היינט, שלמה־זלמן?

— וואָס זאָל איך קאָכן? מ׳קאָכט וואַסער באַשמעלצט מיטן — שרייט יענער ארויס פון דרינען און, געבנדיק אַ ווונק צו די שטייענדיקע ייִדן, בייגט ער זיך אַריבער צו משה־חיימס אויער:

— כ׳גרייט דיר צו סחורה, וואָעס, משה־חיים?

די מענטשן אין דער ריי קוקן אויף בײדע ריידנדיקע ייִדן. אויף די פּנימער פון משה־חיימען און שלמה־זלמנען ליגט אויסגעגאָסן אַ משונהדיקער סוד, וואָס די בײדע ייִדן טראָגן באַהאַלטן פאַר דער וועלט ווי אַ פאַרשווערונג. פון אָפענעם קיך־פענצטער שלאָגט אַרויס אַ נאַסע פּאַרע, וואָס זעצט זיך אויף די שוואַרצע ווענטלעך אין בײדע זייטן פון דער עגלה. די מענטשן אין דער ריי האַלטן די טעפּ איצט נענטער צו זייערע לייזע, אויפגעלאָפענע בייכער, זיי קוקן דאָ אויף דער עגלה, דאָ אויפן נישט־אָפּגעהיבלטן קאַסטן

אויפן דעכל פון וואָגן. דער שווארצער וואָגן, וואָס איז אַזוי פלוצים שטיין געבליבן פאר זייערע אויגן, האָט מיט איינמאָל אָפּגעטויט אין זיי דעם הונגער. די מענטשן האָבן פארגעסן נאָך וואָס זיי זיינען אַהער געקומען און נאָך וואָס זיי שטייען דאָ. די ריי האָט זיך נישט גערוקט פאָרויס. די מענטשנס קעפּ זיינען האַלב אונטערגעשניטענע געזעסן אויף זייערע לידיקע פארטרוקנטע העלדזער. פאר זייערע אויגן זיינען אַרויסגעשווומען געשטאָרבענע קינדער, קרובים און אָפּגעשווענקטע ייִדישע היימען. בעת דער יונג פון דער עגלה האָט זיך געלאָזט אין דער אָפּיצינקע אריין — ערשט דעמלט האָבן די מענטשן צוריק זיך אויפגעכאפּט. זיי האָבן צוריק אָנגעהויבן ריידן שטיל און פליסטערנדיק. מ'האָט גערעדט פון טויט, פון דעם בייזן, שווערן ייִדישן טויט, אַז די טויטע איז שוין בעסער, אַז נאָך אַ וואָך, נאָך אַ טאָג... יעדער פון די, וואָס שטייען דאָ וועלן לסוף אַריינפאלן צו משה־חיימען אין די הענט אריין, און אפשר טאַקע אין זעלביקן וואָגן, אויפן זעלביקן קאַסטן, וווּ זייערע אויגן קלעפּן נאָך פאַראומערטע און טרויעריקע.

שלמה־זלמן האָט זיך געבעטן ביי משה־חיימען:

— אפשר וועסטו זיך דאָך אַ ביסל אָפּרוקן מיטן קעטשל, משה חיים? כ'קאָן דאָך נישט טיילן ס'מיטאָג... ס'גייט מיר נישט איבערן לב...

— גיי שוין , גיי, שוטה, — האָט משה־חיים זיך אָפּגעשאָקלט, אָנקוקנדיק דערביי איטע־בינעז, וואָס איז געשטאַנען שוין ביים פענצטער, און פון איר האָט זיך זיין בליק געגליטשט איבער דעם קופּקעלע מענטשן הינטער איר.

— וואָס נישט אַזוי, יידענע? — האָט ער שוין גערעדט גלייך צו איטע־בינעז. די יידענע האָט אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט משה־חיימען גלייך אין פּנים אַריין. דער טאָפּ איז איר פלוצים אַרויסגעפאַלן פון די הענט אויף דרערד. עמעצער הינטער איר האָט זיך איינגעבויגן, אויפגעהויבן דעם טאָפּ און צוריק אים אַריינגעלייגט אין אירע הענט. אין דער זעלביקער רגע האָט זיך גראַד געלאָזט הערן אַ געוויין פון דער אָפּיצינקע אַרויס. און אין דער זעלביקער רגע האָט זיך עס ביי איטע־בינעז אויך אָנגעהויבן...

זי האָט געזען באַשיינפּערלעך דעם מאַן אירן, שאולן, אויסגיין ווי אַ ליכט אין אַ ווינקל ערגעץ ביי פרעמדע מענטשן. דערנאָך זיינוועלע, דער עלטסטער, ווי ער בעט זיך: מאַמע, כ׳קען נישט מער, כ׳קען נישט... שפּעטער — זי, ברכה, דאָס כלה-מיידל. דאָס איז אַלץ געשען באַלד דעם ערשטן ווינטער. און אומעטום איז אַלץ געווען דער זעלביקער ייד משה-חיים, מיט די קורצע פּעטע הענט־לעך, מיטן ווייכן געלן פּנים — — —

בעת משה-חיים האָט געהאָלפן דעם יונג פון דער עגלה אַרויפ־שלעפּן ס׳ברעט מיטן מת, האָט איטע-בינע שוין געהאַט אין האַנט דעם טאָפּ מיט זופּ. זי האָט געהאַלטן דעם טאָפּ אונטערן האַרץ און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אירע פיס זיינען געשטאַנען אויף איין אָרט, און די אויגן האָבן געקוקט אין דער לופט סתם אַזוי. ס׳פערד פון דער עגלה, אויסדרייענדיק זיך, האָט מיטן דישל איר אַ שטויס געטאָן אין דער פּלייצע. ס׳געוויין פון דער אַפּיצינקע האָט זיך נאָכ־געקאָלערט נאָכן וואָגן. איטע-בינע איז געשטאַנען אינמיטן פון דאָזיקן יידישן יאָמער און געהאַט דאָס געפיל, ווי מען האָט זי טאַקע אַליין איצט אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט טאָפּ אויף דער פּלומפּ.

די ריי פון די מענטשן איז געוואָרן שיטערער. איטע-בינע זיצט נאָך אַלץ אויף דער פּלומפּ, דער טאָפּ געקעכץ נעבן איר. אַרום איר שטייען קינדער פון הויף. זיי קוקן זי אָן מיט חשד און, זעענדיק, אַז די יידענע גיט נישט קיין פינטל מיטן אויג, ווערן זיי דרייסטער און רינגלען זי אַרום פון אַלע זייטן. איינער פון זיי רירט אָן דעם טאָפּ, וואָס איז וואַרעמלעך. ער דעקט אָפּ דאָס שטערצל. גראָע, מוט־נע, זופּ. די אויגן הויבן אים אָן פינקלען. ער זעט, אַז די אַלטע מוז זיין נישט מיט אַלעמען... איינס פון די קינדער פּרוווט אַוועקנעמען דעם טאָפּ פון אירע הענט. איטע-בינע לאָזט זיך. זיי לאָזן זיך אין אַ געיעג מיט אים צו אַ ווינקל. נאָר אין גרויס געאייל האָט זיך דער טאָפּ אַרויסגעגליטשט פון זייערע הענט, און באַלד איז די גראָע זופּ געלעגן אַ צעגאָסענע איבערן זאַמד. די קינדער זיינען צוגעפאַלן צו דער ערד און, ווי קליינע הינטלעך, געשאַרט די זופּ צוזאַמען מיטן

זאַמד אין די קליינע מיילער. מ'האָט זיך געשטופּט, געביסן, געגרי־זשעט שטיקער איינער פֿון צווייטן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען אויפֿן אָרט, און די זופּ האָט זיך אויסגעגאָסן, איז געבליבן בלויז אַ צעריסן שטיק גראָע ערד, פֿון וועלכער מ'האָט שוין גאָרנישט געקענט אָפּלעקן...

בעת די קינדער האָבן זיך אַרומגעווישט די מיילער און דער זאַמד האָט געקנאַקט אונטער זייערע ציין, איז איטע־בינע נאָך אַלץ געזעסן אויף דער פּלומפּ. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אַראָפּגע־נומען פֿון זיך די פֿאַטשיילע, אויסגעלייגט זי פּאַר זיך אויף דער ערד און צעשיט עפּעס מיט די ליידיקע פֿינגער איבערן טוך. די קינדער זיינען אין שרעק אַרויסגעלאָפֿן פֿון הויף. איטע־בינע האָט אָן אויפהער געשיט עפּעס פֿון אירע ליידיקע הענט, ווי זי וואָלט געוואָרפֿן עסנוואַרג פֿאַר עופות. דערנאָך האָט זי אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט, אַזוי ווי מען טוט דאָס, רופנדיק די עופות. אירע אויגן האָבן זיך איינגעזשמורעט און געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

דער ליידיקער טאָפּ איז געלעגן אַן איבערגעקערטער אין זאמד.

אויפֿן ליידיקן הויף איז איצט אַריינגעפאָרן אַ בלעכענער, רונ־דיקער וואָגן, כּדי צו נעמען דאָס אומריינקייט. צוויי יידן האָבן אים געשלעפּט. ביידע אויסגעטוענע ביז אין דער העלפט. פֿון הינטער די פֿאַרשאַרצטע רעקלעך האָבן אַפּויסגעקוקט די טלית־קטנס. אַז זיי זיינען צוגעקומען נענטער, האָבן זיי פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שטריק און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּלומפּ נעבן איטע־בינען. זיי האָבן געוואָלט פֿריער, איידער זיי נעמען זיך צו זייער מלאכה, טועם זיין אַ כּזית ברויט. זיי האָבן פֿון ערגעץ ווו אַרויסגעשלעפּט צעריסענע שטיקלעך ווייסן לייוונט און זיך געפּרוווט אַרומבינדן די הענט. זיי טוען תמיד אַזוי, ווען זיי דאַרפֿן נעמען אין דער האַנט אַריין אַ שטיקל ברויט. זעענדיק איטע־בינען זיצן אויף דער פּלומפּ, רופֿן זיי זיך אָן צו איר:

— איר וועט אונז אפשר, זייט מוחל, ארומבינדן די הענט?

זי האָט גראָד געהאַט אַוועקגעטריבן פֿון זיך דאָס ביסל פֿלאַ־טערנדיקע עופות און אָנגעהויבן זיך אויפשטעלן. זי האָט גענומען

די ווייסע שטיקלעך לייוונט פון די יידן און גענומען אַרומבינדן זייערע הענט. די יידן האָבן שטיל און פרום אַ ברכה געמאַכט.

בעת די יידן מאַכן זייער ברכה איבער די פאַרבינדענע הענט, ווייזט זיך זיי אויס, אַז די יידענע דערגעבן באַוועגט אויך מיט אירע איינגעפאַלענע טרוקענע ליפּן. אין דער אמתן איז שוין איטע־בינע לאַנג נישט געווען מיט זיי. זי האָט דעמלט אַריבערבייגנדיק זיך איבער די יידנס אַרומגעבונדענע הענט, שוין געצונדן אירע גרויסע שבת־ליכט אין די בלענדיקע רערן אויף אירע זילבערנע הויכע קאַנדעליאַבערס.

אויבן אויפן שפּיץ פון דעם פלומפּ־סלופּ שפּילט זיך לאַנג אַ זוניקער פלעק פון אַן אָפּשטאַרבנדיקן וואָלקן.

---

# דאס נעזאנג פון די פייגל

אַחוץ דער קאַטערינקע, דעם טשעכישן שפּיל־קאַסטן, האָט דער רויטער וועלוול אויך געהאַלטן טויבן. באַלד נאָך סוכות, אַז עס האָבן אָנגעהויבן גיין די קאַלטע פּוילישע רעגנס, און די פענצטער אויף די גבירישע הייף זיינען געוואָרן פאַרשטאָפּט מיט וואַטע — דעמלט איז דער רויטער וועלוול שוין נישט אַרויס פון שמאָלן געסל. דער שפּיל־קאַסטן איז דעמלט געלעגן אין אַ ווינקל, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, און די צוויי ים־חזירלעך — אין אַ קעסטל אויסגעבעט מיט היי. דאָס טויבן־דעכל ביים רויטן וועלוול איז אויסער מיט די טויבן תמיד געווען באַלייגט מיט אַ מחנה גראָע, שרייענדיקע ווראָבלעס און שפּאַקן, וואָס האָבן דאָ געזוכט זייער פיטערונג. אין די בלאָע האַרבסט־טעג איז אונטער זיין פענצטערל אין שמאָלן געסל געהאַנגען אַ פריילעך געצוויטשעריי פון די פייגל. זיי האָבן אָנגעפולט די לופט אַרום מיט אַ זילבערנעם לאַכנדיקן טשי־ריק און זיך געטראָגן צוזאַמען איבער די דעכלעך מיט די יחוסדיקע טויבן. אַזוי פלעגט עס זיך ציען האַרבסט און ווינטער — ביז דער הימל איבערן שמאָלן געסל איז געוואָרן ווייטער און העכער, אַריינגערוקט זיך אין די הויכקייטן, און די וואָלקנס זיינען אָפּגעטרעטן. דעמלט האָט דער רויטער וועלוול צוריק אָפּגעדעקט דעם שפּיל־קאַסטן, אַרויסגענומען פון היי די צוויי ים־חזירלעך און אויפסניי זיך געלאָזט איבער ווייטע, פרעמדע הייף פון דער שטאָט.

---

אין יענעם יאָר האָט זיך דער ווינטער ווי אויף להכעיס געשטעלט זייער פרי. געשוואָלענע וואָלקנס האָבן אָן אויפהער צערונען זייער אינגעווייד און געשיט מיט אַ טונקעלן, בייזן שניי. פון די

דעכלעך זיינען פֿאַרשווּנדן די פֿייגל, און די פּאָר הינט, וואָס האָבן זיך דאָ געכאָוועט ביי יידן, זיינען איינציקווייז אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. אפילו די קעץ האָבן זיך אין די נעכט אַרויסגעשאַרט צווישן די דראָטן און אַוועק אין שטאָט אַריין. די געסלעך זיינען געוואָרן ליידיק פֿון הויז־חיות און הויז־עופות. ביים רויטן וועלוול אין טויבן־שלאַק איז שוין נישט געווען קיין איינאיינציקע טויב. בלויז די צוויי ים־הזירלעך זיינען געלעגן דאַרע און ביינערדיקע, פֿאַרוויקלטע אינם אַלטן היי, און, ווי די מייז, געפּישטשעט פֿון הונגער. דאָס ערשטע געשווילעכץ איז אויפֿגעגאַנגען אויף די ביליכע פּנימער פֿון די יידן. פֿלייש פֿון געפֿאַלענע מלחמה־פֿערד אויף די פּוילישע פֿעלדער האָט זיך באַוויזן אין די פֿלייש־קראָמען, וואָס זיינען זייט חדשים געשטאַנען ליידיקע מיט סימנים פֿון פֿאַרגליווערט בלוט.

דער רויטער וועלוול איז גאַנצע טעג געלעגן נעבן פֿענצטערל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפֿן דעכל און געקוקט אינם גראָען, ווינטערדיקן הימל אַריין. טיילמאָל האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ מחנה וורובלעס גאָר הויך אין דער לופֿט און, נישט אָפּשטעלנדיק זיך דאָ, אַריבערגעפֿלויגן די געטאָ־געסלעך. זיי האָבן זיך דאָ זעלטן, זעלטן אַראָפּגעלאָזט און געפֿלויגן מיט אַ ווייט פֿרעמד טשיריקען. טיילמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז הויך אונטער די וואָלקנס טראָגט זיך אַ קופּקעלע טויבן: זיי וויגן זיך אין האַלבע קרייזן, שניידן די לופֿט, ווי מיט דינע מעסערס, און באַלד יועלן זיי זיך אַראָפּלאָזן מיטן סאַמעטענעם געפֿלאַטער, ווי זיינע אַמאָליקע טויבן.

אין יענע טעג זיינען יידן געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן דעם דייטש די בלעכליי מוזיק־כלים, וואָס זיינען פֿאַרבליבן, אָדער מיטגעבראַכט געוואָרן אינם געטאָ. פֿון די הייזלעך האָבן געצויגן יידן מיט אַלטע טרויעריקע פֿידלען, וואָס זיינען פֿון כמה יאָרן געהאַנגען אויף די ווענט, געטרייסט און געשטילט אין שווערע יידישע שעהן; ברייטע בגידישע חתונה־באַסן מיט אויסגעצויגענע העלדזער; דינע אידעלע פֿלייטן, בייכיקע פּויקן און טאַצן, וואָס די באַלוטער קונצנמאכערס און הויף־מויזקאנטן האָבן אויסבאהאלטן

אויף נאָך דער מלחמה; מאַנדאַלינעס, האַרמאָניקעס און מעשענע
טראָמפּייטן — דאָס אַלץ האָבן יידן געטראָגן צום מאַרק־צו ווז
צוויי דייטשן האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן אויף אַ וואָגן. טייל האָבן
פאַרגראָבן זייערע פידלען אין קעלערן, אָדער אויף בוידעמער. די
מענטשן האָבן אָפּגעגעבן די אינסטרומענטן מיט אַ באַהאַלטענעם
צער און קלעמעניש... אָט שלאָגט ער זיך שוין צו איצט, דער
דייטש, צו דער יידישער נשמה. פון ערגעצוו האָט מען אויף אַ
מיסט־וועגעלע געפירט אַהער אַ שוואַרצן אָפענעם פּאָרטעפּיאַן, וואָס
האָט אַראָפּגעשטשירעט פונם וועגעלע מיט די אַנטבלויזטע קלאַ־
ווישן, ווי מיט די ציין פון אַ געפאַלן פערד. דאָס מיסט־וועגעלע
האָט זיך געהוידעט איבערן געסל, און יעדעס מאָל האָבן די אָפענע
גרויסע ציין אַרויסגעלאָזט פון זיך אַ שווער, בייז קריצעניש.
דער רויטער וועלוול האָט זיך אויפגעהויבן באַלד פאַרטאָג
און אָפּגעדעקט דעם ליילעך פון דער קאַטערינקע. זי האָט אַ בלאַנק
געטאָן צו אים מיט אירע זיידענע פאַרהענגלעך און מיט די צוויי־
העלע ליכטיקע צעפּ פון די צוויי שיינע ווייבער, וואָס האָבן
אַרויסגעקוקט מיט זייערע באַקעטע וואַרעמע העלדזער. ער האָט
אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן קאַסטן. אַ וואַרעמקייט איז אויפגעַ־
גאַנגען אונטער זיינע פינגער. איידער ער האָט אַרויפגעצויגן אויף
די אַקסלעןביידע פּאַסקעס, האָט ער נאָך געוואָלט אָפּשפּילן אַ ווי־
נער שטיקל. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן אָפּשטייענדיקן הענטל -
אין שטיבל האָט זיך צעקאָלערט אַ ווייכער, ווייגנדיקער ניגון, ווי די
צוויי ווייבער וואָלטן טאַקע אַרויסגעזונגען פון הינטער די זיידענע
פאַרהענגלעך אַ ווייט ליכטיק ליד. דער רויטער וועלוול האָט, דריי־
ענדיק מיטן הענטל, געהויבן דעם קאָפּ אַרויפצו, ווי ער וואָלט
געזוכט עמעצן מיט די אויגן אונטערן בעליק. זיינע רויטע גע־
קרייזלטע האָר זיינען אים אָפּגעשטאַנען הינטער די אויערן. די
ביידע ים חזירלעך האָבן זיך אָנגעהויבן רירן אינם היי און אַרויס־
געשטעקט זייערע שמאָלע שפּיציקע פּיסקלעך. דער ניגון האָט זיי
אויפגעוועקט, און זיי האָבן אָנגעהויבן פּישטשען, ווי קליינע הענג־
דיקע קינדער. זיי האָבן אפילו נישט אויפגעהערט אויך דעמלט,

ווען דער רויטער וועלוול האָט שוין געטראָגן, אַריבערגעוואָרפן איבער די פּלייצעס, דעם שפּיל־קאַסטן און זיך געלאָזט איבערן הויפּל צום מאַרק צו — — —.

ער איז געגאַנגען, דער רויטער וועלוול, איבערן געסל אַן איינגעהויקערטער, טראָגנדיק אויף די פּלייצעס דעם שפּיל־קאַסטן. דער קאָפּ — פאַרבויגן אויף אַראָפּ, ווי ביי אַ פערד, וואָס טראָגט אַ צו שווערע לאַסט. זיינע פּיס האָבן געטרעטן אינם ווייכן, צעגייענדיקן טונקעלן שניי. לויזע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן הויך איבער די דעכלעך. זיי האָבן שוין געטראָגן אין זיך די לינדקייט פון באָענטן פרילינג, וואָס איז שוין אויפגעגאַנגען ערגעץ אין די וועלדער. דאָ אין די געסלעך איז נאָך געלעגן אַ שוואַרצער אייז, אַ־בערגעצויגן מיט צעטרעטענעם שניי, וואָס האָט געטייעט. דער רויטער וועלוול האָט זיך מיטן קאַסטן צוגעשלעפּט צום וואָגן, וואָס איז שוין געווען פול מיט פידלען. די ביידע דייטשן האָבן זיך געהאַלטן ביי די קורצע אַרויסשטייענדיקע בייכער פאַר געלעכטער, דערזעענדיק אים. זיי האָבן אים געהייסן עפּעס אויסשפּילן אויפן „שייס־קאַסטן". דער רויטער וועלוול האָט אַריבערגעוואָרפן די קאַטערינקע איבערן בויך און אַ דריי געטאָן מיטן הענטל. די דייטשן האָבן אויפגעשפּיצט די אויערן, געפינטלט מיט די אויגן, געוואָלט כאַפּן דעם טאַקט פונם ניגון, וואָס האָט זיך געגליטשט פון הינטערן פאָרהענגל. פּלוצים זיינען זיי ביידע אויפגעשפּרונגען, אויפגעהויבן די דינע בייטשלעך, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט, און מיט זיי עטלעכע מאָל אַ שמיץ געטאָן דעם רויטן וועלוול איבערן פּנים. זיי האָבן זיך אַ רגע אָפּגערוט און אויפסניי געלאָפּן איבערן פּנים מיט די דינע בייטשלעך. מיט איין האַנט האָט זיך דער רויטער וועלוול פאַרשטעלט דאָס רויטע אָנגעלאָפענע פּנים, און מיט דער צווייטער — נאָך אַ רגע גערדרייט מיטן הענטל, בעת די דייטשן האָבן גערעוועט:

— דו דרעק־יודע!... ווי וואַגסטו אונזער גראָ־סן, גראָ־סן שטראַוס!...

פון די בייטשלעך זיינען פון רויטן וועלוולס פּנים אַראָפּגערי־

נען אויפֿן שפּיל־קאַסטן רויטע, וואַרעמע שנירלעך בלוט. די דייטשן האָבן דערנאָך אַ כאַפּ געטאָן דעם קאַסטן און אויף זייערע פֿאַרלייגטע הענט פֿאָרזיכטיק, ווי אַ פֿאַרוווּנדעטן סאָלדאַט, אַרויפֿגעזעצט אים אויפֿן וואָגן, אויף דער קופּע ליגנדיקע פֿידלען.

---

באַלד ווי דער רויטער וועלוול איז אַהיימגעקומען פֿון מאַרק איז ער אָוועקגעפֿאַלן איבערן אײַזערנעם בעטל. דאָס פּנים איז געווען אַדורכגעשניטן מיט פֿאַרזעצטע רויטע פּרעגנעס. אויף די צייַן איז אים געווען קלעפּיק. אינם האַלדז איז אים אויפֿגעגאַנגען אַ גלייִקער ווייטיק, ווי אַ שטיק קויל וואָלט אים געזעסן אין גאָרגל. ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן פֿאַרן שטערן און דערפֿילט אַ שלאָגנדיקע היץ אונטער די אויגן. די פֿינגער זײַנען אים געוואָרן קלעפּיקפּייכטלעך פֿון בלוט, בעת ער האָט געפֿירט מיט זיי איבערן אויפֿגעלאָפֿענעם פּנים. עס האָט אים פֿאַרפֿעלט לופֿט. ער איז קוים צו צום פֿענצטערל און עס געעפֿנט. אַ לינד ווינטל איז אַרײַן, ווי אַ וואַרעמער אָטעם פֿון אַ מענטש. דער הימל האָט זיך צוריק באַוויזן איבערן דעכל און געווען בלאָלעך־ווײַט. דער רויטער וועלוול האָט אַרויסגעשטעקט די האַנט פֿון פֿענצטער און דערנאָך זיך געגלעט דאָס פּנים, ווי ער וואָלט מיט דער לופֿט געוואָלט אָפּוואַשן די פֿאַרזעצטע בלוט־פֿאַסעקלעך. און מיט איינמאָל — האָט זיך אים אינם האַרץ עפּעס אַ ריר געטאָן: אויפֿן דעכל איז געשטאַנען אַ כאָפּטע ווּרובלעס, וואָס האָבן געטשיריקעט אָן אויפֿהער. נאָך לאַנגע, לאַנגע חדשים זײַנען זיי ווידער געקומען. זיי האָבן געהיפּט און געצוויטשערט, טראָגנדיק אין דער לופֿט אַ זילבערן געזאַנג. זיי זײַנען אַרויף אויפֿן טויבן־שלאַג, דערנאָך אויפֿן דעכל, פֿון דעכל אונטערן אָפֿענעם פֿענצטער, יאָגנדיק און צוויטשערנדיק ווי אויף עפּעס אַ פֿייגלשער שמחה. זיי האָבן זיך נישט געשראָקן צוצוקומען אַזוי נאָענט, אַז דער רויטער וועלוול האָט געקאָנט דערזען זייערע פֿעדל־מוטערנע, גרין־קאָלירטע אייגעלעך. און ביז שפּעטער טיפֿער דעמערונג איז געהאַנגען אונטערן טויבן־שלאַג אויפֿן דעכל דאָס געזאַנג פֿון די פֿייגל. — — —

---

# מלכות געטא

אויפן פינצטערן נאַכט־הימל, וואָס הענגט דאָ אַראָפּ מיט וואָלקנס, ווי צעריסענע, אלטע שווארצע מלבושים, האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטאָן אַ בלייכער שטריך פון שיטער ליכט. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער אוועקשווימענדיקער נאַכט־ריז האָט מיט אַ העל בייטשל אַ שמיץ געטאָן אין פּנים די לויזע נאַכט־וואָלקנס, און אייבער דער גאנצער לענג פון מזרח איז באַלד אָנגעלאָפן אַ רונדיקער שטריך פון רויטלעכער ברוינקייט, ווי אָנגעלאָפן בלוט אויף אַ געשלאָגן מענטשלעך פּנים. די וואָלקנס אַרום, שיטערע און פינצטערע, זיינען געשוואָלענע אָפּגעטרעטן אין אַ זייט, זיך צעשווומען פארשעמטערהייט, בעת דער אָנגעלאָפענער שטריך האָט זיך דערווייל געשפּאָלטן אויף צענדליקער קליינע פּאסמעס פון רויטלעכע פּראַנדזן, פּעדעם און פלעקן. אַ וויבט, אַ פרימאָרגנדיקער, האָט זיך פון ערגעץ־ווו אַהערגעבלאָנקעט, געטראָגן פולע בוזימס מיט גראָ ליכט און מיט איינמאָל — אַ פּראל געטאָן צו די וואָלקנס און אויסגעגאָסן איבער זיי דאָס ליכט ווי עמערס וואסער. באַלד איז דער הימל געוואָרן ווייס, דורכזיכטיק. אין מזרח־זייט האָט דערווייל אויף דער גרענעץ פון טאָג און נאַכט זיך געשפּאָלטן די ערד, און פון דאָרט איז אַרויס אַ פלאַטשיקער קאָפּ פון אַ טרויעריקער רויטער זון אָן שטראַלן. דער דאָזיקער רויטער קאָפּ איז געבליבן הענגען אויפן ראַנד פון די דעכער און לאַנג אַפּערגעקוקט, בישט רירנדיק זיך פון אָרט. איבער די רעשט וואָלקנס זיינען דערווייל די שטרייפן געוואָרן גאָר שיטערלעך און צעגאנגען.

אויף דער זייט פון געטאָ איז נאָך אַלץ געלעגן די נאַכט. איבער די הילצערנע, פאַרשוויגענע שוועלן האָט דער טאָג זיך געשעמט אַנידערצולייגן זיין קאָפּ און אַז ער איז אַריין צווישן די פּרוכנעוואַטע, אַלטע באַלוטער ווענט, איז ער געשווומען נידריק און פּרעמד, מיט דער בהלה פון אַ שוואַרץ עגלה־וועגעלע צווישן קאַלטע, אויסגעלאָשענע מענטשן.

און ווי נאָר דער טאָג, אַ קראַנקער, אַ צעטומלטער פאַלט אַריין אין געטאָ, אַזוי נעמען זיך אַרויסשאַרן פון דער האַלבער פינצטערניש, פון אונטער שטיגן, פון פינצטערע קעלערס, פון קליינע דירה־לעך, ווו ס'ווינען איצט אַמאָליקע שטאָט־גבירים מיט זייערע אָפּגעקומענע הויז־געזינטן — מענטשן מיט זעקלעך, מיט אויפגענייטע טאָרבעלעך און טעשלעך, וואָס ליגן צונויפגעוויקלטע אונטער זייערע אָרעמס. זיי גייען, די מענטשן, פון אַלע הייזער, פון אַלע שטאָקן, פון אַלע שטובן, פון אַלע לעכער און מיט זייערע זעק און טאָרבעס נעבן זייערע הערצער לאָזן זיי זיך איבער די הייף פון געטאָ. זיי ציען מחנותווייז, ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע מייז צו טונקלע נאַס פּוילעכטס, צו כלערליי גראָ אָפּפאַל פון עסנוואַרג. צו קלעפּיקן קויט, וואָס ליגט אין די אָפענע און באַהאַלטענע מיסט־קאַסטנס פון מלכות געטאָ.

אין די מיסטקאַסטנס, וווהין עס ציען די מענטשן־מייז, זיצט אַ געשטאַנק, און זיי זיינען פול מיט עיפּוש, קרענק און ברעכעניש. די מיסט־קאַסטנס פון מלכות געטאָ זאָגן אויס, אַז דאָס, וואָס ווערט אַרויסגעוואָרפן אַהער, איז שוין נאָענט צו צואה. וואָרעם ווער וועט דאָס אַוועקוואַרפן עפּעס אַזוינס וואָס מען קאָן נאָך נעמען אויפן גומען, אָדער דורך פאַרשידענע סודותדיקע אופנים מאַכן דערפון אַ מאכל? ליגן דאָ בלויז: קלעפּיקע שמאַטעס, עיפּושדיק בראָכוואַרג, אַפילו קיין קאַרטאָפל שאָלן זעט מען נישט דאָ, וואָרעם די לעצטע טעג האָט דער הונגער, דער שד, דערפינדן עפּעס א ניי שוואַרץ מאכל. פּלוצעם האָט עמעצער זיך אַוועקגעשטעלט לעבן ברונעם און, אַ באַזעסענער פון אַ שדישן כוח, עפּעס סודותדיק געריבן אונטער די קאַלטע וואַסער־שטראָמען פון ברונעם. פּיז די

אויפגעהיטענע קאַרטאָפל־שאָלן, וואָס ווערן געוואשן און שפּעטער געמאָלן, ווערן אויף אַ כשופדיקן אופן געמאַכט פּלאַטשיקע קאָט־לעטן, און דאָס קלעפּיקע שווארצע מאכל איז זיס, ווי גוטער לעקעך, און דער זאַמד, וואָס איז נישט אַוועק מיטן וואַסער, קנאַקט אויף די ציין. ווער פילט דאָס אָבער? דער זעלבער שד טראָגט אונטער דאָס מאַכל קראַנקע און געשוואָלענע, און דורך עפּעס אַ כשוף ווערט עס פארוואנדלט אין אויסגעחלומט ווייצן־ברויט.

ס'איז צוועלף אַ זייגער בייטאָג. אַ מידע זון הענגט פארחלשט אַראָפּ אויף די געסלעך. די מחנה גייט צוריק דורך די אָפענע הייף, און אין זייערע אויגן טייעט אויף עפּעס אַ גרינער נישט גוטער גלאַנץ. אין די טאָרבעס און זעקלעך ליגט דאָס פוילעניש, וואָס ברייט זיי ביים הארץ. מען ווארפט עס אויפן טיש. די קינדער באַ־פאַלן דאָס מיסט. די מאמע לאָזט אירע דאַרע הענט אַריין צווישן קויט און זוכט. אירע פינגער געפינען שוין עפּעס — עפּעס טונ־קעלעס און גליטשיקס. אַ טויטער גרינער גלאַנץ גליטשט זיך אי־בער אירע איינגעפאלענע באַקן.

די שטוב שווימט אַרום ווי אין אַ פרעמדער מדינה, אויף אַן אַנדער ערד, אונטערן אַן אנדערן הימל מיט אויפגייענדיקע מילדע שטערן. פאר די פענצטער הענגט נישט מער דער אויפגייענדיקער, קראַנקער טאָג. עפּעס אַ גוטע בשורה טראָגט זיך פון אַ באהאלטן פייער, וואָס ווארעמט אָן דאָס הונגעריקע הארץ. אויף די קינדע־רישע הענטלעך ליגט דאָס מאכל נאָך אַ הייס, אַ בריענדיקס, אַ שווארץ און אַ פינצטערס.

---

אויפן גרויסן מארק, וואָס איז פאר דער וויסטער מלחמה גע־ווען אַן אָרט פון גרינוואַרג און כל־טוב, שטייען איצט משונהדיקע מענטשן און פארקויפן עסנווארגן, קלעפּיקע, שדישע, באַפּאַרבטע מיט עפּעס אַ גרינעם קאָליר. אַרום אַ טישל שטייען עטלעכע ווײַ־בער, ווי הונגעריקע קעץ, און שטעקן ארויס שפּיציקע צינגער. לעבן די טישלעך פארקויפט מען ברויט, נישט קיין לייבלעך, נאָר

צעריסענע, צעפערטלטע כזיתן, רעפטלעך, אָנגעשימלטע און ווייכע פון ווילגאַטש. דאָס זיינען די פּאַרציעס ברויט, וואָס מען באַקומט אויף יעדן קאָפּ. די וואָס פאַרקויפן דאָס ברויט שטייען איינגעהילטע אין זייערע טונקעלע פּאַטשיילעס מיט די גאָלדענע צעדריוולטע מגן־דוד־לאַטעס, און אַליין זעען זיי אויס ווי פּאַרכשופטע ווייבער, וואָס זיינען דאָ אַהערגעקומען דערמאָנען אינם חורבן פון בית־המקדש. זיי קוקן אויפן הייליקן ברויט דורך האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, און מיט זייערע איינגעפאַלענע ברוסטן, וואָס האָבן גענערט שוואַכע יידישע קינדער, פאַרגייען זיי זיך טיילמאָל אין אַ ווייבערישן העשן, ווי אויף אַ לויה.

אַ ייד דרייט זיך אַרום און אויף דער האַנט ביי אים ליגן דריי קאַרטאָפל, צוויי פון זיי זיינען גלאַטיקע געזונטע, די דריטע — אָנגעפוילט. אַרום אים זאַמלט זיך אַ קופּקעלע יידן, און מען קוקט אויפן אוצר. דער ייד לאָזט זיי נישט אַרויס פון האַנט. ווער עס וויל — וועט זיי אַזוי אויך קויפן. קיינער נעמט זיי נישט. ס'איז אָבער גוט סתם אַזוי צו קוקן אויף אַ קאַרטאָפל, אויף אַן אמתער קאַרטאָפל...

צווישן די מענטשן דרייען זיך אַרום קינדער, און די ווייבער, וואָס האַלטן זיי ביי די הענט, שלעפּן זיי אַלץ אַהיים. די ווייבער אַליין, גייענדיק איבערן מאַרק, טראָגן זיך איבער אין יענע יאָרן, בעת דער מאַרק האָט געהאַט כל־טוב — — —

... און מיט אַמאָל ווי דורך אַ נס — ווערט דער מאַרק פול מיט פויערישע וועגענער, מיט קליינע האַנט־וועגעלעך און צוגעדעקטע ביידלעך. אויף די וועגענער, צווישן אָפענע זעק מיט גריַנס, צווישן קאַרטאָפליעס און רויטע בוראַקעס, זיצן צעיאַכמערטע פויערים מיט זייערע צעשויבערטע גזשיוועס. אויף אַנדערע וועגענער שטייען יונגע שקצים מיט קנאַקעדיקע בייטשן און יאָגן אַוועק די גנבימלעך, וואָס שאַרן זיך אונטער די רעדער. בייביידע זייטן זיצן שורות ווייבער, און פון פאַרשאַרצטע זעקלעך צווישן זייערע צענומענע קניען לאַכן אַרויס זאַפּטיקע רעטעכער און קרויט

קעפּלעך. אַ ריח פון דאָרף, פון פערד־שטאַלן און וואַרעמען מיסט הענגט אין דער לופט.

די יידענע גייט אַזוי, און מיט איינמאָל — זי כאַפּט זיך פאַרן גאָרגל, ווי אַ רויך וואָלט זי גענומען שטיקן — און איידער וואָס ווען — אַ פּאָר יידן טראָגן זי ארויס אַ פאַרחלשטע.

———

הינטערן מאַרק שטייט דער רויטער מויער פון דער קירכע „די הייליקע מאַריע". אַ שווייגנדיקע און פאַרלאָזטע איז זי געבליבן איינגעצוימט אין יידישן געטאָ. אין די פאַלדן פון אירע רויטע מויערן זיצן די ווינטן פון פאַרגאַנגענע דורות. דאָס נידעריקע צוימל, וואָס לויפט אַרום דער קירכע, איז עפּעס נידעריקער געוואָרן. די גרויסע אייזערנע טירן, פאַרזשאַווערטע פון רעגן און ווינט, זיינען איצט תמיד אָפענע. יידן אין פאַרפּעדערטע כאַלאַטלעך, ווייבער מיט קאָפּ־טיכלעך, לויפן ארום איבער די לאַנגע קילע, ליידיקע קירכע־קאָרידאָרן. דאָ ווערן געפּאַקט אין גרויסע זעק דער ווייסער פוך און די ווייכע פעדערן פון יידיש בעטגעוואַנט. פון די שטעטלעך זיינען זיי אָנגעקומען פאַרפלעקטע מיט בלוט און יידיש געוויין. די יידן אין דער קירכע לויפן ארום, ווי איינגעטונקטע אין שניי. הויך אין די קופּאָלן איז שטיין געבליבן דער קירכע־זייגער, און נאָר אַ ווינט גייט אַרום צווישן די גרויסע, ריזיקע גלעקער. אויף די שויבן פון די שמאָלע פענצטער שטייען פאַרשטיינערטע די כלערליי הייליקע און קוקן מיט טרויעריקע גאָלדענע אויגן אַראָפּ צו די לויפנדיקע יידן. פון זייערע רונדיקע פּנימער און חניקע רייפלעך אַרום די קעפּ פאַלט אַריין עפּעס אַ גאָלדן ליכט, און דאָס ליכט ווערט געטראָגן פונם ווינט, וואָס גייט דאָ אַרום ,ביז צו די גלעקער. און טיילמאָל געשעט:

... פּלוצעם, אינמיטן פּאַקן די גרויסע גראָע זעק מיט ווייכן פוך, דערהערט מען פון אויבן אַ לייכטן קלאַנג. דער ווייכער קלאַנג קומט פון גאָר אויבן, פון די טורעמלעך, ווו עס שווייגן די פאַר־

שטומטע גלעקער. און די גלעקער הויבן אָן זיך וויגן, שטיל און
פאַרכישופט. די יידן האָבן מורא אויפצוהויבן די קעפּ ,די גלעקער
וויגן זיך שוין איצט צעכוואַליעטע, און דאָס שטאַרקע גלעקער־
געזאַנג טראָגט זיך ווייט צו די נאָענטע פעלדער. באַלד וועלן אָנ־
קומען די פּויערים. מיט פרום געזאַנג ווערט פול אונטער די קו־
פּאָלן. די לאַנגע קאָרידאָרן שאָרכן פון קליינער און פרומע טריט.
די יידן הויבן נישט אויף זייערע קעפּ און אַ פּחד פון קירכלעכע
שאָטנס פאַלט אויף זייערע הערצער. און דעמלט זאַמלען זיי זיך אין
אַ ווינקל און איינער פון דער עדה רייסט זיך ארויס מיט אַ כליפּ:

— רבונו של עולם, זיי זיך מרחם אויף דיין פאָלק ישראל...
האָב רחמנות אויף דיין אָרעם פאָלק!...

און פון אויבן, פון די הויכע, ליידיקע טורעמלעך, טראָגט זיך
ווידער אַ ווינט, אַן איינזאַמער און קילער.

— — — — —

אָוונט. דער מאַרק און די קירכע פון „דער הייליקער מאַריע”
זיינען איינגעהילט אין אַ בלאָען דעמערונג־נעפּל. אויפן ליידיקן
פּלאַץ אַרום דער קירכע שטייען הויכע קאַשטאַן־ביימער און רוישן
אַן אומהיימלעך גערויש, ווי פאַרכשופטע. די גאַסן ווערן ליידיק.
ערגעץ אויף די נאָענטע פעלדער וואַרט שוין אויפסניי דער נאַכט־
ריז, און אין זיינע פינגער וויקלט זיך אין לעצטן דערשטיקטן אָטעם
— דער טאָג. די פאַרוועררטע שעה פאַר יידן הויבט זיך אָן. אויף אַ
זייטיק געסל נישט ווייט פון דער קירכע שטייט אַ קליינע געמויער־
טע קאַפּליטשקע, ווו ס'ברענט אַ נר־תּמיד. אינעווייניק שטייט די
גיפּסענע פיגור פון געקרייציקטן. וואָס טונקעלער עס ווערט אַרום,
אַלץ שאַרפער פאַלט דאָס רויטע ליכט הינטער דעם געקרייציקטן.
אויפן הויכן טורעם־זייגער רוישט ווידער דער ווינט. די נאַכט
ליגט שוין אין די פענצטער פון מלכות געטאָ. דער לעצטער ייד
לויפט אַדורך דאָס געסל. דאָס הייליקע פלעמל פון דער קאַפּליטש־
קע שלאָגט אים אין פּנים. איבער די דראָטן קלאַפּן שטיוול. דייטשן

גייען אין געטאָ אריין. דער געקרייציקטער אין הארץ פון געטאָ ווערט אָנגעגאָסן מיט פלאם. זיין דארער, פארפייניקטער יידישער גוף ליגט איינגעהילט אין אַ רויטקייט פון ווארעם בלוט.

---

# אינהאלט:


ערד . . . . . . . . 5
שניי . . . . . . . . 16
ברויט . . . . . . . . 24
בליעכץ . . . . . . . . 37
איבערגעלעבט . . . . . . . 45
יידן . . . . . . . . 51
היינץ פרידריך לעווי . . . . . . 60
ליכט פון אָפּגרונט . . . . . . 67
שבת־ליכט . . . . . . 76
געזאַנג פון פייגל . . . . . . 84
מלכות געטאָ . . . . . . 89



געדרוקט אין 5000 עקז.

פון זעלבן מחבר איז דערשינען אין לאָדזש 1930:
„מיטן פנים צו דער זון" (לידער)